# פרעהליכע מינוטען

## געקליבענע הומאריסטישע ערצעהלונגען

פון

# ב. קאָוונער

צווייטער בוך

פערלאג „ליטעראַטור“
מערץ, 1919.
אפיס: 346 איסט 173טע סט., ניו יארק, נ. י.

# CHEERFUL MINUTES

## Selected Humorous Stories

BY

**B. KOVNER**

VOLUME TWO



Published by the Literature Publishing Co.
Office
346 East 173rd Street, New York, N. Y.

# אינהאלטס-פערצייכנים.

---

## שרייבעריי און מאַטערניש (ערשטע אבטהיילונג)

## לעקטשורס (פינפטע אבטהיילונג)



## וואָרט אַ קאַפּעטשקע (זעקסטע אבטהיילונג)

# צוויי ליעדער.

## דער לאַשיק.



אראן א בחור, יאשע.

איז ער ביים טרייד א ליטוואק. זעהר א פיינע טויייד אין אמעריקא.

האט ער שוין געפּעדעלט מיט קראוואטלאך, מיט קארשען, מיט פסח'דיגע געשיער און מיט פיש.

די לעצטע צייט האט ער זיך גענומען צו דער פּעדער:

ער האט אנגעהויבען צו שרייבען.

האט ער דאך געקענט שרייבען תנאים: האט ער דאך געקענט שרייבען א צואה: האט ער דאך געקענט שרייבען צו זיין טאטען, ער זאל איהם שיקען עטליכע דאלאר —

האט ער דאס אבער ניט געטהאן: ער האט געשריעבען ליעדער. „סאנגס", הייסט דאס אויף זיין לשון.

ער איז א דיכטער געווארען...

האט ער איין מאל איבערגעגעבען א רעדאקטאר א ליעד פון אכט שורות.

האט עס דער רעדאקטאר באלד איבערגעלעזען און אויסגעשטראכען דריי שורות. „דיעזע דריי שורות" — האט דער רעדאקטאר ערקלעהרט — „קוילען אוועק דאס ליעדעל".

האט זיך אפּגעשטעלט, הייסט דאס, אזוי גרויס ווי פינף שורות.

דאן האט דער רעדאקטאר איבערגעגעבען דאס ליעדעל צו זיין סעקרעטער.

האט דאס דער סעקרעטער איבערגעלעזען און אויסגעמעקט איין שורה.

האט זיך אבגעשטעלט, הייסט דאס, אזוי גרויס ווי פיער שורות.

דאן האט דאס דער סעקרעטער איבערגעגעבען צום זעצען.

האט דער „זעצער“ אויך אויסגעמעקט א שורה. עפעס איז איהם די שורה ניט געוועזן צום הארצען... ער האט זי ניט געגליכען...

האט זיך אבגעשטעלט סך הכל דריי שורות.

דאן האט דער זעצער איבערגעגעבען דאס ליעדעל צום בעל־מגיה: צום אידען וואס דארף איבערזעהן די גרייזען און זיי ארויסווארפען. האט דער בעל מגיה געפונען פאר נויטיג ארויס־צוואווארפען די לעצטע דריי שורות אויך... „ווי מיט די דריי שורות אזוי אהן די דריי שורות“ — האט דער בעל מגיה געזאגט — „דאס ליעדעל וועט דערפון ניט ווערען בעסער און ניט ערגער“...

האט זיך אבגעשטעלט פון'ם ליעדעל סך הכל, וואס? דער נאמען, „יאשע“ און דאס „קעפעל“ פון דעם ליעדעל: „דער לאשיק“.

וואס־זשע טויג א נאמען, אז קיין ליעדעל איז ניטא? ווער וועט דאס וויסען צו וואס דער נאמען יאשע בעלאנגט? האט מען שוין אויסגעמעקט דעם נאמען אויך.

אוים יאשע!

און ווי באלד ניט קיין ליעדעל און ניט קיין יאשע, טא צו וואס טויג שוין דאס „קעפעל?“

האט מען שוין אויסגעמעקט דאס קעפעל אויך.

אוים לאשיק!

איז דאך דאכט זיך שעהן געהאנדעלט געגען איהם. הא, ווי זאגט איהר?

לאזט זיך אויס, אז דער בחור געהט ארום איבעראל, דער־צעהלט, אז מען האט איהם צו'פטור'ט דאס ליעדעל!

אט א דאס קומט ארוים אז מען הויבט זיך אן מיט די יונגע דיכטער...

באלד בערעדען זיי אייך!

## „אֿ ר י מ ק י י ט“.

„ארימקייט“ איז דער נאמען פון א ליעדעל.

דער דיכטער וואס האט אריינגעבראכט די „ארימקייט“ אין דער רעדאקציע הייסט פ י ש ע ל.

האט ער די „ארימקייט“ איבערגעגעבען צו מיר. האב איך ערקלעהרט דעם דיכטער, אז מיר דרוקען ניט קיין ליעדער פון אזא פאעט וואס הייסט פישעל. עס איז בעוויזען געווארען, אז ווען איינער הייסט פישעל, קען ער ניט שרייבען קיין ליעדער.

האט ער מיך געפרעגט אויב איך האב שוין זיין ליעדעל געלעזען.

האט איך איהם געענטפערט, אז איך וויל עס גאר ניט לעזען. סיידען ער וועט זיך רופען אבא. „ווייל די אבא'ס — האט איך גע'טענה'ט — „קענען כמעט אלע שרייבען“.

האט ער מיר געענטפערט, אז ער וועט זיך דער נאמען ניט ענ־דערען. ער ה י י ס ט פישעל און ער וועט ה י י ס ע ן פישעל כל זמן ער וועט לעבען! און אויב איך וויל ניט איבערלעזען דאס ליעדעל, וועט ער עס איבערגעבען דעם רעדאקטאר.

און אזוי איז געווען. ער האט דאס ליעדעל איבערגעגעבען דעם רעדאקטאר, און דער רעדאקטאר האט עס איבערגעלעזען און אויסגעפונען אז דאס ליעדעל (סך הכל זעכצעהן שורות) איז גע־גנב'עט געווארען פון פיער בעזונדערע דיכטער...

האט דער רעדאקטאר באלד אפגערופען אלע פיער דיכטער דורכ'ן טעלעפאן, זיי זאלען שוין אריבערקומען. עס ברענט!

דעם „דיכטער“ פישעל, האט ער דערווייל געהייסען זיצען.

האט ער זיך געזעצט.

פרעגט איהם דער רעדאקטאר:

— וואו האט איהר געשריעבען ביז אהער?

— אין ערגעץ ניט...

— ווייסט איהר, אז אייער „ארימקייט" האט איהר גענומען פון פיער אידישע דיכטער?

— וואס מיינט איהר?

— איך מיין, אז אייער ליעדעל איז גע'גנב'עט געווארען. אויב איהר האט געוואלט שרייבען וועגען ארימקייט, וואט איהר גע־דארפט שרייבען וועגען אייער א י י ג ע נ ע, ניט נעהמען פ ר ע מ־ ד ע · „ארימקייט!"

דער דיכטער פישעל האט גענומען בעבען...

דא האט זיך געעפענט די טהיר און אלע פיער דיכטער זיינען אריינגעלאפען פערסאפעטע: „וואס איז?... וואס איז געשעהן? וואו ברענט?"...

דער רעדאקטאר האט אנגעוויעזען אויף פישלען און געזאגט:

— דער דאזיגער בחור האט פון אייערע ליעדער ארויסגע'גנב'עט שורות און פון זיי צוזאמענגעשטעלט א ליעדעל מיט'ן נאמען „ארימקייט", וויל איך, אז יעדער איינער פון אייך זאל זיך צוריק אפנעהמען זיינע שורות...

און אזוי איז געווען:

יעדער דיכטער האט זיך אפגענומען זיינע שורות און פישעל'ן האט מען ארויסגעווארפען פון רעדאקציע.

איצט געהט פישעל ארום — פונקט ווי יאשע — און זאגט, אז מען האט איהם צו'פטר'ט א ליעדעל...



# בעצאָהלט אייערע חובות!



י וועלט זאָגט, אז מיין פריינד זלמן איז א גרויסער מענש. נור אזוי ווי איך קען זלמן'ען בעסער ווי די וועלט, קען איך דאָס אויף איהם ניט זאָגען. ווערליג איז קען איהם, איז ער דוקא א קליינער מענש, אָבער א גרויסער בעל חוב.

ער האָט מעהר חובות ווי האָר אויפ'ן קאָפּ. און אויב איהר מיינט, אז ער האָט א פּליך, האָט איהר א טעות. ער האָט דוקא א קאָפּ מיט שווארצע געדיכטע האָר.

שרייבט זלמן סקיצען?

— ניין! ער שרייבט ארטיקלען. ארטיקלען איבער אלץ אין דער וועלט.

אבער די הויפּט־טהעמא פון אלע זיינע טהעמאס, איז „עהרליכקייט“. ער בעווייזט אז קיין מענש אין דער וועלט טאָר ניט פערנעהמען יענעמ'ס א זאַך. יענעמ'ס א זאַך דאַרף זיין הייליג ווי א ספר תורה.

אין דעם טאָג וואָס איך האָב איהם בעזוכט, איז ער געזעסען און געשריעבען אן ארטיקעל מיט'ן נאָמען:

„בעצאָהלט אייערע חובות!“

דער אנהויב פון'ם ארטיקעל האָט זיך געלעזען:

„א מענש איז בלויז דער, וואָס מאַכט ניט קיין חובות. נור אזוי ווי ניט מאַכען קיין חובות, איז פאַר א מענשען א ו נ מ ע ג ל י ך, דאַרף ער יא מאַכען חובות, נור ער דאַרף אנווענדען אלץ אין דער וועלט צו בעצאהלען די חובות. דער מענש וואָס האָט

ניט קיין חובות אויפ'ן קאפּ, לעבט רוהיג און שלאָפט אהן זארג. זארג האט בלויז ד ע ר, וועמען מען איז שולדיג" — — — — —

— אַן אינטערעסאַנטער אַרטיקעל! האָב איך בעמערקט.

— זעהר אַ אינטערעסאַנטער! — האט זלמן געענטפערט.

דאָ האט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיהר. עס איז אריין אַ אידעל מיט אַ פערשמירט פּנים פון סאַזשע, מיט אַ זעקעל אונטער'ן ארעם. און איידער מיין פריינד האט צייט געהאט אַ מויל צו עפע־נען, איז דאָס אידעל ארויס מיט לשון.

— מיסטער! — האט דאָס אידעל אויסגערופען — וואָס מיינט איהר בין איך, אַ אינגעל? וויפיעל איז דאָס דער שיער צו ווארטען? איך האָב שוין באלד אַ פּאָר שיך צוריסען! בע־צאָהלט מיר די פּאָר דאָלאר וואָס איהר זייט מיר שולדיג פאר קויהלען און לאָזט מיך געהן!

— שאַ, שאַ! שרייט ניט אַזוי! — האט זיך זלמן גענומען בייזערען אויפ'ן אידען — איך ווער ניט גליקליך פון אייך.

— איך שריי, למאי איהר בעצאָהלט מיר ניט מיין חוב! וואָס מיינט איהר עפּעס, די קויהלען קאָסטען מיר קיין געלד ניט, איך קריג זיי אומזיסט?

— מיסטער! — האט שוין זלמן אויסגערופען בייז — אויב איהר וועט ניט פערמאַכען אייער מויל, ווארף איך אייך ארונטער פון אַלע טרעפּ! איך האָב פיינט, אַז מען מאַכט קולות ביי מיר אין הויז! איהר דאַרפט ניט פערגעסען ביי וועמען איהר געפינט זיך! איך בין זלמן דער שרייבער!

— בעצאָהלט וואָס מיר קומט, וועל איך ניט שרייען! — שרייט דער איד.

— ווייל איהר זייט געקומען שרייען צו מיר אין הויז אריין, וועל איך אייך דוקאַ היינט ניט בעצאָהלען!

און ער האט דעם קויהלען־מאַן געהייסען קומען אין צוויי וואָכען ארום.

דער אָרימער קויהלען־מאַן איז אַוועק און מיין חבר זלמן האט

זיך אוועקגעזעצט ענדיגען דעם ארטיקעל: „בעצאהלט אייערע חובות“.

ער שרייבט און איך לעז:

„ווען איינער קומט אייך מאנען א חוב, לאזט איהם לאנג ניט ווארטען: לעגט איהם ניט אפ אויף שפעטער: און דער עיקר: רעדט צו איהם ווי א מענש און — — — — —“

דא האט זיך ווידער דערהערט א קלאפ אין טיהר.

— אריין! — האט זלמן אויסגעשריען נערוועז.

עס האט זיך אריינגעריסען א מאגערער איד מיט א בלאנד בערדיל, אין א פערבלוטיגטען פארטוך, און אויסגעשאסען:

— גוט וואס כ'האב אייך געטראפען אין הויז! איך בין שוין דא געוועז ד ר י י מאל און מיין פרוי פ י ע ר מאל...

— וואס קומט אייך? — פרעגט זלמן.

— זעקס דאלאר מיט צוויי און ניינציג סענט.

— פארוואס עפעס מיט צוויי און ניינציג סענט?

— ווייל אזוי קומט אויס: פיער דאלאר קומט מיר פאר פלייש, און צוויי דאלאר מיט צוויי און ניינציג סענט פאר א קאטשקע.

— טא וואס זשע ווילט איהר? — פרעגט זלמן.

— וויל איך, אז איהר זאלט מיר בעצאהלען.

— מאלע וואס איהר ווילט! איהר'ט אזוי גוט זיין און קומען אין פיער וואכען ארום...

— איך לויף דאך שוין אזוי צו אייך דריי חדשים! — גע־וואלדעוועט דער איד.

— נו, וועט זיין אין איינעם דריי חדשים מיט פיער וואכען.

דער קצב איז ארויס און זלמן האט זיך פאר מיר בעקלאגט, אז מען לאזט איהם ניט ארבייטען. “אזוי ווי דו זעהסט, איז דעם גאנצען טאג! די טיהר פערמאכט זיך גאר ניט!... און אלץ אזעלכע איינגענעסענע אידען!“ — — — — — — — — — — —

און זלמן האט זיך ווידער געזעצט ענדיגען דעם ארטיקעל: „בעצאהלט אייערע חובות“.

אבער זלמן האט לאנג ניט געשריבען. זיין פרוי איז אריין און איהם געלאזט וויסען, אז א מאן פרעגט זיך נאך אויף איהם. ער שטעהט אין האלל.

— ווי זעהט אויס דער מאן? — פרעגט זלמן.

— ער טראגט א שווארצען סאמעטענעם קאפעלוש, האלט א שטעקען אין האנד און האט לאנגע האר.

— זאג איהם, אז איך בין ניטא אין הויז!

די פרוי איז ארויס, און דער מאן מיט די לאנגע האר האט געזאגט: „אדיע".

— ווער איז דאס דער חברה מאן? — האב איך געפרעגט זלמן'ען — אודאי א דיכטער?

— יא.

— וואו שרייבט ער?

— אין ערגעץ ניט.

— פון וואס זשע מאכט ער א לעבען?

— ער ארבייט אין א שניידער־שאפ. ער פערדיענט ניט שלעכט.

— וואס זשע וויל ער האבען פון דיר?

— איך בין איהם שולדיג 5 דאלאר.

— שוין לאנג?

— שוין אריבער א יאהר...

— למאי בעצאהלסטו איהם ניט?

— ער איז ניט קראנק צוווארטען, דער טייפעל נעהמט איהם ניט!

אין א פאר טעג ארום איז ערשיענען אין צייטונג זלמן'ס א פינף־קאלומנדיגער ארטיקעל, מיט א דריי קאלומנדיגען „קאפ":

„בעצאהלט אייערע חובות!..."



# געשעפט איז געשעפט.

נאַכאַהמונג.



רייטשיק, אַ יונגער דיכטער, שטעהט אין דער רע־דאַקציע פֿון „געלדמאַכער“ און לעזט פֿאַר אַ פֿאַעמאַ פֿאַר'ן רעדאַקטאָר: וויפֿיעל פֿערלאַנגסטו, ברודערקע, פֿאַר דאָס ליעד?

דריי דאָלאַר — ענטפֿערט דער דיכטער מיט שטאָלץ.

צופֿיעל! אַ דאָלאַר איז גענוג — ענטפֿערט דער רעדאַקטאָר.

— ס'איז ניט גענוג!

— ביזט אַ גרויסער עקשן, ביזטו. נו, מילא, נאַ דיר נאָך אַ קוואָדער און רעד ניט.

— וואו זשע איז דאָס געלד? — פֿרעגט דער דיכטער, האַל־טענדיג די פֿאַעמאַ פֿעסט אין דער רעכטער האַנד.

— דאָס געלד? אַט האָב איך דאָס. און דער רעדאַקטאָר ציינט דעם דיכטער דאָס געלד.

— וואָס זשע האַלט איהר דאָס אין האַנד?

— גיב מיר פֿריהער די פֿאַעמאַ.

— וואָס הייסט, איהר'ט מורא!?... גיט מיר דאָס געלד, וועל איך אייך געבען די פֿאַעמאַ, — בעמערקט דער דיכטער.

— איך קען דיר אָבער דאָס געלד ניט געבען ביז איך קריג ניט די פֿאַעמאַ.

— די זעלבע זאַך מיט מיר! אויף וואָס קוקענדיג זאָל איך אייך געטרויען?

— קריימשיק! האסטו שוין אַ דיינע משוגענע שטיק, טרויעסט מיר ניט קיין דאָלאַר מיט אַ קוואָדער?

— אַ, די רעדאַקטערע לינען מיר שוין גוט אין טעם! ניט איינער האָט מיך שוין אָבגענאַרט.

— אָבער מ י ר געטרויעסט ניט — שרייט דער רעדאַקטאַר מיט אַ קוויטש, און דאָס שוואַרצע בערדעלע ציטערט...

— ווייסט איהר וואָס, — רופט זיך אָפּ דער דיכטער, — ליינט אַוועק דאָס געלד אויפ'ן טיש און איך וועל אַוועקליינען די פּאָעמאַ, וועל איך כאַפּען דאָס געלד און איהר דאָס ליעד.

— הם... איך גלויב שוין היינט קיינעם ניט! — רופט אויס דער רעדאַקטאַר.

— איהר מיינט, הייסט דאָס, אַז איך וועל כאַפּען אי דאָס געלד אי די פּאָעמאַ און וועל אַנטלויפען?

— חס וחלילה! איך מיין גאָר ניט...

— שאַ! איך האָב אַ פּלאַן, — שרייט אויס דער דיכטער מיט פרייד: לאָמיר אריבערגעהן צו דר. קריסטאָווסקי, דער רעדאַקטאָר פון מאָנאַטליכען „בר־מינן". ער איז אַ עהרליכער מענש.

— נו וואָס וועט זיין?

— וועט איהר איהם איבערגעבען דעם דאָלאַר מיט'ן קוואָדער און איך — דאָס ליעד, און ער וועט עס אונז אָבגעבען פערקעהרט: מיר דאָס געלד און אייך דאָס ליעד.

— וויל איך שוין בעסער געהן צו דר. פּיקסבורג. ער קען אויך טהאָן דאָס איינענע.

— הייסט דאָס, אַז איהר גלויבט ניט דר. קריסטאָווסקי? אויב אַזוי, האָב איך ניט קיין צוטרויען אין אייער דר. פּיקסבורג!

— שרייט שוין דער דיכטער אַ נערוועזער...

— איז אויס עסק!

— אויס, איז אויס! נור... נור... מיר איז דאָך אָבער פּאַרט אַ שאָד וואָס איך בעקום ניט די פּאָעמאַ — ענדיגט דער רעדאַקטאַר.

— און איהר מיינט אז איך דארף ניט האבען דעם דאלאר מיט'ן קוואָרדער? — זאָגט דער דיכטער.

— האב איך אן אנדער עצה — רופט אויס דער רעדאַקטאָר צופרידען: — לאָמיר געהן צום רעדאַקטאָר פון טעגליכען „צימבעל". ער איז א פיינער מאַן.

— דאָס, זעהט איהר, איז שוין עפּעס אנדערש!

דער רעדאַקטאָר און דיכטער לאָזען זיך געהן. אין מיט'ן וועג בלייבט דער דיכטער שטעהן און רופט אויס: מיר געהען דאך צום רעדאַקטאָר פון „צימבעל", אבער פערגעסט ניט, אז ער איז אויך ניט מעהר ווי א מענש, ער קען צונעהמען ביי מיר די פּאָעמא און ביי אייך דעם דאלאר מיט'ן קוואָדער, און אונזביידען ארויסוואַרפען...

בלייבען זיי ביידע אין א פערלעגענהייט.

קומט זיי אנטקעגען א בעקאַנטער שרייבער, א געוויסען יקטן, פרעגט ער:

— לצים, וואָס שטעהט איהר דאָ ווי די געפּלעפּטע?

— דו הערסט דאך, — רופט זיך אָפּ דער רעדאַקטאָר, — איך קויף ביי קרייטשיקען א ליעד פאר א דאלאר מיט א קוואָדער, וויל ער מיר די פּאָעמא ניט געבען פון האַנד, ביז איך וועל איהם ניט געבען דאָס געלד. איך ווידער, וויל איהם ניט געבען דאָס געלד ביז איך קריג ניט די פּאָעמא. האָבען מיר דעם עסק געוואָלט איבערגעבען צו דעם רעדאַקטאָר פון טעגליכען „צימבעל", אבער וואָס פאר א בטוח איז ער, מ'שטיינס געזאָגט? סאַ מורא איינ־צושטעלען.

— טו טרויעט דאָס אַז דעם רעדאַקטאָר פון טעגליכען „קעסעל־פויק", — זאָגט יקטן.

— א שעהנעם דאַנק אייך! — שרייט אויס דער דיכטער, טרויעט איהר איהם!

— טו ווייסט איהר גאר וואָס? טרויעט מיר אַז. אַן עק, א סוף!

— אייך, זעהר גוט, — זאגט דער דיכטער, — נור... נור... גיט אונז עפּעס א משכן...

— גאנץ גערעכט, באמקעט צו דער רעדאקטאר, — אהן א משכן איז אונמעגליך!

— הא! וואס בין איך עפּעס, א זשוליק, א גנב?! — שרייט יקטן אן אויפגערייצטער.

— חלילה! נור פאר וואס דארף מען אייך מעהר טרויען ווי דעם רעדאקטאר פון טעגליכען „קעסעל־פויק“?

— יע, האט דער רעדאקטאר אונטערגעכאפּט, — טאקע פאר וואס?

— אויב אזוי, מוזט איהר זיך זעהן מיט א לאיער.

— אט האסטו דיר! — שרייט אויס דער דיכטער, א לאיער איז דאך אויך ניט מעהר ווי א מענש. ער קען צונעהמען דאס געלד מיט'ן ליעד און דאן כאטש קיי דעם צונג — — — — — —

— אזוי! — רופט אויס דער רעדאקטאר שטארק צופריעדען.

— אויב אזוי איז דאך גוט. ס'ווילט זיך דיר פשוט עסען?... נו, נו!...

און דער רעדאקטאר מאכט ניט קיין לאנגע שיהות, רייסט ארויס די פּאעמא פון דיכטער'ס האנד און אנטלויפט...

דער דיכטער בלייבט שטעהן אביסעל מטושטש און רופט אויס:

— איך האב זיך אבער געריכט אויף דעם!...



# גערונגענע לאַכערס.

(אַן אויסגעטראַכטע זאַכעלע, וואָס איז לײדער אַן אמת).



ומאַריסטען, סאַטיריקער, ווערטעל־זאַגערס, וויצען־מאַכערס און גלאַט שרייבער!

ווילט איהר מאַכען אַ גרינג דרייערל, אַ לייכטען גראַשען? פוילט זיך ניט און שרייבט עפּעס אַן. עס מאַכט ניט אויס וואָס. דאַן זוכט אויף ערגעץ אײערען אַ פריינד, וואָס האָט צייט, אָדער אַ יונגען דיכטער, וואָס האָט אודאי און אודאי צייט, נעהמט איהם מיט מיט זיך אין דער רעדאַקציע פון „גראַגער“ און זאָגט איהם אָן, אַז בעת איהר וועט פאַרלעזען אײער מאַנוסקריפּט פאַר'ן רעדאַקטאָר, זאָל ער לאַכען...

לאַכען אָהן אויפהער, לאַכען, אַז די ווענט זאָלען זיך טרייסלען!

דאַן וועט איהר פערקויפען אײער מאַנוסקריפּטעל און כאַפּען אַ גרינג דרייערל.

אָט אַזאַ אידעל איז ער, דער רעדאַקטאָר אונזערער, לאַכט מען — קויפט ער; לאַכט מען ניט — קויפט ער ניט.

דאַרום מוז יעדער שרייבער וואָס וויל מאַכען אַ לייכטען גראַשען מיטנעהמען מיט זיך אַ לאַכער פון דער היים.

וואָכען, חדשים און יאָהרען האָט גענומען, ביז מיר — די דריי „שטערען“ פון הומאָריסטישען הימעל — האָבען אויסגעפר־נען וואָס אונזער רעדאַקטאָר ליעבט...

באַלד האָבען מיר אַלע דריי — איך און משה און חנא — געהאַט אַן אסיפה, און ס'איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז מיר זאָלען לאַכען איינער פון'ם אַנדערען:

וועל איך לעזען — דארף משה מיט חנא'ן לאכען; וועט חנא לעזען — דארף איך מיט משה'ן לאכען; וועט משה לעזען — דארף איך מיט חנא'ן לאכען...

נור טאמער פאסירט, אז דער רעדאקטאר ווערט משוגע און נעהמט אליין לעזען, דעמאלט דארפען מיר אלע דריי מיט אמאל לאכען.

און זייט דער דאזיגער אסיפה האט זיך פאר אונז געעפענט א שמאלץ־גרוב: יעדעס מאנוסקריפטעל איז פערצוקערט געווארען; יעדעס ווארט איז ביים רעדאקטאר א פעריל געווארען.

ניט איינמאל האבען מיר איהם ארייננעשמוגעלט הספדים, בילדער פון לויות, מעשיות פון יתומים, אלמנות און אנדערע אומגליקען פאר הומארעסקען...

ביז דער רעדאקטאר פון „גראגער" האט זיך געכאפט, אז מיר פיהרען איהם אין באד... אז מיר דריי — איך און משה און חנא — זיינען אן ארגאניזירטע באנדע פון לאכערס, א חברה לצים, וואס פליקען איהם אוים איינציגווייז די בלעטלעך פון זיין טשעקבי־כעל... (ווי מיר האבען שפעטער אויסגעפונען, האט אונז איינער פון די קארטוניסטען גע'מסור'ט. דער רעדאקטאר האט גאר קיין שכל ניט אויף אזעלכע זאכען). קורץ, דער רעדאקטאר האט אונז איינמאל אין א פרייטאג געלאזט וויסען, אז פון היינט אן און ווייטער וועט ער מעהר ניט שטעלען אויף אונזער געלעכטער; ער וויל זיך פערלאזען אויף פרעמדע מענשען, אויף לייטיש־געלעכטער, הייסט דאס...

האבען מיר, דאס הייסט, איך און משה און חנא, ווידער געהאט אן אסיפה אין א מילכיגען רעסטאראנט, און ס'איז געבליבען, מיר זאלען זיך אלע דריי צוזאמענלייגען און אנשטעלען א לאכער, א ווילד פרעמדען מענשען, מיט א געהאלט פון פיער דאלאר א וואך.

צו דיעזען צוועק האבען מיר — איך משה און חנא — אויסגעשריבען א אידען אזש פון פילאדעלפיא, מיט'ן נאמען אפרים, א

קבצן אין זיבען פאלעס, און איהם האבען מיר געמאכט פאר אונזער אפיציעלען לאכער.

דער קאנטראקט מיט איהם האט געלויטעט: אז ער מוז לאכען פאר אונז פינף טעג אין וואך: מאנטאג, דינסטאג און מיטוואך צו זעקס שעה א טאג און פרייטאג און שבת דעם גאנצען טאג. פון זיעבען ביז זיעבען. צווייטענס — טאר ער פאר קיין אנדערע שרייבער אין ניו יארק ניט לאכען, נור פאר אונז און — דריטענס — מוז ער לאכען אזוי שטארק, אז ער זאל זיך אזש פערהוסטען...

נו, האט ער אונז מיאוס פערדראטהען: דאס איז געווען א מאנטאג נאכמיטאג, אין דער דרוקעריי, איך האב פאר דעם רעדאקטאר געלעזען א באלאדע, לאנג ווי דער אידישער גלות און וויציג ווי מויזענד סאפירם צוזאמענגענומען. און ער, דער פילאדעלפיער חברה־מאן, שטעהט ווי א תם און טהוט קיין שמייכעל ניט, ניט זיין עסק!

טהו איך איהם א שטורך אין עלענבויגען, א טרעט אויפ'ן פוס, א וואונק מיט אן אויג — ער לאכט ניט. שטעהט ווי א פערגליווערטער!

פערשטעהט זיך, אז די „באלאדע" האט מיר דער רעדאקטאר צוריקגעוויזען... „עס טויג ניט, שוואך, ניט דרוקבאר" — אזוי האט דער רעדאקטאר געזאגט.

— סטייטש, פאר וואס?

— מען לאכט ניט...

ארויסגעהענדיג פון דרוקעריי, האב איך א פרעג געטהון אונזער לאכער: ר' אפרים, פאר וואס האט איהר נישט געלאכט?

— ערשטענס — האט ער געענטפערט — האב איך שוין היינט איינמאל געלאכט פאר חנא'ן; צווייטענס — האט מען מיך היינט ארויסגעשמעלט מיט די בעביכעס אין גאס און דריטענס — ריכט זיך מיין אידענע היינט־מארגען אין בעט אריין מיט דער אכטער בייבי, און איהר קען נאך איינפאלען האבען א צווילינג — נו, ווי קען איך אין אזא צייט לאכען צוויי מאל א טאג?

האבען מיר דריי, איך און משה און חנא, ווידער געהאט אן אסיפה, און איינגעזעהן אז דער פילאדעלפיער איד קעהרט ניט פאר'ן דזשאב... אז ער וויל קיין לעבען ניט מאכען, און ווארפט זיך מיט א גאלדענער פרנסה... האבען מיר איהם געסעקט און אנגעשטעלט א נייעם לאבער: א גרינעם אידען, א היימישען איינ־מעליגענט און א געוועזענער מיטגליעד פון די פ. פ. ס. א מענש, וואס קען לאבען אין עטליכע שפראכען...



# צוויי הומאָריסטען.

אַנגלען אַרום צוויי פּרעהליכע שרייבער, הומאָריסטען, איבער איסט בראָדוויי, און זיפצען. איינער געהט אַראָפּ, דער צווייטער אַרויף. טרעפען זיך צוזאַמען און גיבען זיך די הענד.

— האַלאָ מנשה!

— האַלאָ משה!

— אַ ווײַלע איז שטיל. דאַן רופט זיך אָפּ משה:

— שלעכט מנשה ברודער! פּאַסקודנע! אַ הומאָריסט, אַ נאַש בראַט, טאָר ניט געבאָרען ווערען, סיידען ער איז ניט קיין נאַש־בראַט און ניט קיין הומאָריסט.

— וואָס איז? — פרעגט מנשה.

אָנגעשריבען אַ פּאָר גאָלדענע הומאָרעסקעס; וויציגע מעשה'לעך; בריליאַנטענע זאַכען.

— נו?

— וויל זיי דער רעדאַקטאָר ניט דרוקען — בעקלאָגט זיך משה.

— פאַר וואָס?

— ווייל זיי זיינען צו וויציג, צו גוט; דער רעדאַקטאָר זאָגט, אַז פרייליכע זאַכען זיינען ניט פאַר אָרימע לײַטער, פאַר אַרבייטער: וויציגע זאַכען, זאָגט ער, זיינען גוט נור פאַר די רייכע, פאַר די קאַפּיטאַליסטען. אַרבייטער טאָרען ניט לאַכען. זיי טאָרען ניט פערגעסען, אַז זיי לעבען און מוטשען זיך אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אין אַ פערדאַמטער אָרדנונג, וואו דאָס לעבען איז טרויעריג.

ווען לאכען וואלט געווען ניצליך פאר דעם ארבייטער, זאגט מיין רעדאקטאר, וואלטען אונזערע גרויסע גייסטער, ווי קארל מארקס, פרידריך ענגעלס, קאוטסקי, ליעבקנעכט און בעבעל געווען געשריבען הומארעסקען. און אזוי ווי זיי האבען קיין הומארעסקען ניט געשריבען, איז א סמן, אז דאס איז שעדליך פאר דעם ארביי־טער־קלאס.

אזוי מענה'ט דער רעדאקטאר.

דא האט מנשה א קרעכץ געטהאן.

— וואס קרעכצסטו וואס?

— איך קרעכץ... ווייל איך האב כמעט די זעלבע צרות וואס דו: איך האב אויך אנגעשריבען עטליכע הומארעסקעס, אמת־גע־לונגענע, וויציגע, אריגינעלע.

— נו? — פרעגט משה.

— וויל זיי דער רעדאקטאר אויך ניט דרוקען. ער מענה'ט כמעט דאס אייגענע וואס צו דיר. ער זאגט, אז ער וויל זיי ניט דרוקען דערפאר, ווייל זיי זיינען צו וויציג, צו פרעהליך; אזעלכע מעשה'לעך קענען נאך פערשאפען דעם ארבייטער פערגעניגען, ווע־לען זיי אויך אבזאגען פון אונזער אידעאל; פון אונזערע פרינ־ציפען; ניט שטימען פאר אונזערע קאנדידאטען; ניט בעלאנ־גען צו אונזער פארטיי; ניט שטיצען אונזער פרעסע. ארבייטער מארען ניט לעזען אזעלכע זאכען וואס רופען ארויס געלעכטער... שוין יאהרען און יאהרען ווי מיר טרייען זיי צו בעווייזען, אז זיי ווערען בערויבט, בעגזל'ט, בע'גנב'עט, אז זייער לעבען איז טרויעריג, אומעטיג, קלאגעדיג; אז דער ארבייטער קומט אפ זיין לעבען מיט זיפצען און טרערען, טא ווי קען מען איהם, פלוצים, אין מיטען דערינען, מאכען צום לאכען?

מנשה האט ווידער א שטארקען זיפץ געטהאן און ווייטער געזאגט: האסטו שוין, ווען עס איז, אין דיין לעבען געזעהן אזא משוגענעם רעדאקטאר, וואס זאל ניט וועלען דרוקען זאכען, ווייל זיי זיינען צו גוט, צו וויציג, צו אריגינעל, צו פרייליך פאר דעם

לעזער? פאר וועמען דען שרייבט א שרייבער אויב נים פאר דעם לעזער?

משה קומט צו זיך און זאגט:

מנשה, ברודער, מיר דאַפען עפעס זעהן טהאן אין דעם. עס קען אזוי נים בלייבען; מיין פּלאן איז, אז מיר זאלען דערווייל צוליעב טהאן דעם רעדאקטאר און שרייבען אזעלכע זאכען, עס זאל זיך גלוסטען צו וויינען...

— און די גוטע, די פרעהליכע זאכען, וועז וועלען מיר אב־דרוקען? — פרעגט מנשה.

— מיט די זאכען — ענטפערט משה — מוזען מיר וואר־טען, ביז גאט וועט העלפען דער רעדאקטאר וועט קראנק ווערען.

— עט! — אין אזעלכע זאכען איז זיך ניטא וואס צו פער־לאזען אויף גאט. גאט מאכט דוקא קראנק די מיטארבייטער, ניט דעם רעדאקטאר... איך דענק, משה, אז מיר טארען זיך אויף גאט ניט פערלאזען! אויב מיר, מיט אונזערע הענד, וועלען איהם ניט אוועקלייגען קראנק, וועט איהם קיינער נים אוועקלייגען! —



# מיין וועקיישאן.

(א ביטערער אמת).



עקיישאן! דאס איז דאס שעהנסטע ווארט אין דער מענשליכער שפראך. וועקיישאן מיינט שבת, רוה, עסען, טרינקען, האבען הנאה פון לעבען. פארגעבען אויף א קורצער צייט די טעגליכע זארגען, פארלאזען די ווייב אויף עטליכע וואכען.

אך, ווי גוט דאס איז!

היינט שטעלט זיך פאר ווי גליקליך איך בין געווען דעם טאג, ווען מען האט מיר געלאזט וויסען, אז מארגען, דעם ערשטען יולי, הויבט זיך אן מיין וועקיישאן.

ביי מיר אין דער פאנטאזיע האבען זיך גענומען מאהלען בילדער פון דער קאונטרי: אט כאפ איך א „ראיד" מיט א פרעמדע ווייבעל אין א „פארד"... איך זיץ לעבען איהר און האלט זי ארומגענומען... איך פערגעס, אז איך בין פערהייראטה... ווי גוט, ווי טייער דאס איז! און אט נעהם איך א שפאציער מיט איהר אין וואלד... מיר געהען כלומר'שט רייסען יאגדעס... הערען פויגעל זינגען... זי טוליעט זיך צו מיר, איך טוליע זיך צו איהר... זי זאגט, אז זי בענקט נאך איהר מאן, זי גערט פשוט אוים פון בענקשאפט... איך זאג דאס אייגענע וועגען מיין פרוי... איך נעהם זי דערווייל ארום און — זי פראטעסטירט ניט... זי נעהמט מיך אויך ארום און — איך פראטעסטיר אויך ניט... איך גיב איהר א קוש און זי זיפצט... זי בענקט, זאגט זי, נאך איהר מאן... זי גיט מיר א קוש און איך זיפץ אויך.

אַט אַזעלכע בילדער שטעל איך מיר פאר וועגן מיין וועקיישאַן.

אָבער ווי זאָגט די מאַמע מיינע: „דער מענש טראַכט און גאָט לאַכט“. דאַרף ביי מיר פונקט דעם ערשטען יולי קראַנק ווערען אַ קינד און — אויס מיט וועקיישאַן.

איך וועל אייך אומישנע איבערגעבען מיין „טאָגעבוך“ וואָס איך האָב געפיהרט אין מיין וועקיישאַן צייט, כדי איהר זאָלט זעהן, ווי איך האָב פאַרבראַכט. סאַראַ „פּלעזשור“ כ'האָב געהאַט.

מיר וועלען געהן לויט די דאַטומס, ווי אַלע „טאָג־ביכלעך“ פיהרען זיך:

ע ר ש ט ע ר י ו ל י: אַלע אין הויז שלאָפען נאָך, נאָר איך איינער קען ניט שלאָפען. איצט הויבט זיך אָן מיין וועקיישאַן. דאָס האַרץ טאַנצט, די נשמה זינגט. ס'איז מיר גוט!

שאַ, וואָס איז דאָס? מיין קלאַראַ, מיין פיער־יעהריגע מיי־דעלע קרעכצט... איך וועק אויף מיין פרוי... דאָס קינד כאַפּט זיך אויף און ברענט ווי אַ פייער. וואָסער בעט זי. וואָסער... איך און מיין פרוי קוקען זיך אָן און שווייגען. אָבער דאָס שוויי־גען רעדט... די הערצער אונזערע קלאַפּען מיט אַ בעהאַלטענער שרעק...

צ ו ו י י ט ע ר י ו ל י: דער פיבער טרעט ניט אָפּ. דאָס פּנים'ל פלאַמט ווי אַ מאַזבלום. אין יעדען קרעכץ הער איך: „פּאַפּאַ, ראַטעווע מיך“. מיין פרוי ליינט צו איהר האַנד צום קינד'ס קערפּעריל און הייסט רופען אַ דאָקטאָר...

ד ר י ט ע ר י ו ל י: דער דאָקטאָר איז געווען. ער האָט צוגעלייגט דאָס אויער צום קינד'ס הערציל, ווי ער וואָלט געוואָלט הערען אויב דאָס לעבען שלאָגט נאָך דאָרטען. ער האָט אַריינגע־קוקט אין מיילכעל, אויסגעמאָסטען די היץ מיט אַ גראַדוסעל, און מיט אַ וואַלקענדעל אין די אויגען האָט ער אַרויסגעזאָגט: „הונ־דערט ...יש פיער גראַד היץ...“ האָט פערשריבען פּראַשקעס, יע־דער שעה אַ פּראַשיק, צוגענומען צוויי דאָלאַר און — איז אוועק...

פערטער יולי: דער דאקטאר איז ווידער געווען. ווידער אויסגעהערט דאס הערציל, ווידער געמאסטען די היץ און זיך פערטראכט. מיין פרוי האט געקוקט אויפ'ן דאקטאר און — ווער ווייס וואס פאר א שרעק זי האט געלעזען אויף זיין געזיכט. איך האב געקוקט אויף מיין פרוי און איבערגעלעבט די זעלבע שרעק... ענדליך רעדט ארויס דער דאקטאר איין־איינציג ווארט: „ניומאניא"...

פינפטער יולי: דאס קינד ליגט מיט פערגליווער־טע אויגען, א פענכער מיט אייז אויפ'ן קאפ, דאס העלזיל ארומגע־וויקעלט מיט א קאלטע טוך, די ליפלעך פערטריקענט, און קוים זיי שעפטשען ארויס: „וואסער"...

זעקסטער יולי: איך און מיין פרוי, בלאסע, מיעדע, ניט קיין אויסגעשלאפענע, ניט קיין געגעסענע, זיצען לעבען קראנ־קען בעטעל און מיר קוקען אויפ'ן קראנקען קינד. עס מאהלען זיך פאר אונז מורא'דיגע בילדער... מיר שווייגען... אבער מיר פער־שטעהען זיך...

זיבעטער יולי: איך מאך אפ מיט מיין פרוי, מיר זאלען זיך צוטהיילען מיט דער צייט: זי זאל שלאפען א פאר שעה און ווען זי וועט אויפשטעהן זאל איך כאפען א דרעמעל. מיין פרוי שטימט איין און זי לייגט זיך שלאפען. איך זיץ ביים בעטעל און בעטראכט מיין קינד. ווי בלייך, ווי אויסגעצעהרט! איך טראכט:

„א שעהנע וועקיישאן האב איך!... דאס קינד כאפט זיך אויף און בעט וואסער... איך דערלאנג וואסער. דאס קינד פער־מאכט מיעד די אייגלעך, ווי פליגעל פון א קראנקען פויגעל..

אכטער יולי: מיין קינד'ס צימעריל זעהט אויס ווי אן אפטייק: פלעשלעך מיט מעדיצין, פילען, פראשקעס, א שוואב, א שיסעל אייז, צוויי קליינע לעפעלעך... און ווידער פליהט מיר דורך אין טח: „א שעהנע וועקיישאן האב איך!"

נײנטער יולי: דער דאקטאר איז ווידער דא. ער

וואונדערט זיך וואס דער פיבער וויל ניט אפטרעטען... מען מוז ווייטער אנגעהן מיט די זעלבע פראשקעס, ניט ארונטערנעהמען דאס אייז פון קאפ... און מארגען וועט ער ווידער קומען... איך דערלאנג איהם 2 דאלאר, ער נעהמט צו און געהט אוועק.

צ ע ה נ ט ע ר י ו ל י: איך און מיין פרוי פיהלען זיך שרעקליך מיעד. מיר האבען אריבער א וואך ניט גערוהט. מיר פאר־לען שלאפען. דאס קינד פיהלט עטוואס בעסער... עס טרינקט ווינציגער וואסער... די בעקלעך פלאמען ניט אזוי שטארק. די ליאלקע וואס איך האב איהר געקויפט פעראינטערעסירט איהר... שא! עמיצער קלינגט דאס גלעקעל פון טהיר. איך לויף ארונטער. א מעסענדזשער באי גיט מיר איבער א טעלעגראמע, אז מיין שוויגער קומט...

ע ל פ ט ע ר י ו ל י:

מיין וועקיישאן איז געענדיגט... אך, ווי מיעד איך בין!...



# דער געבורט פון א וויץ...



ימוואָך פריה, צעהן א זייגער.
איך קלאפּ אן אין דער רעדאקציע פון דעם „הו־
מאָריסטישען" זשורנאל דאס „כפּרה־היהנדעל".
— קאם אין! — הער איך א הייזעריגע שטימע.
איך עפען די טהיר, שטופּ אריין דעם קאָפּ און
פרעג:

— קען איך זעהן דעם רעדאקטאָר?

— ניט איצט, — ענטפערט מיר דער סטרוזש פון הויז, א אידעל וואס מען רופט שבתי.

— וואו איז ער?

— ער איז דא, נאר ער איז שטארק פערנומען.

— וואס טהוט ער?

— ער שרייבט א וויץ.

— ווען זשע זאל איך קומען?

— טרייעט קומען צוויי א זייגער נאכמיטאג.

צוויי א זייגער קומט מיר דער איינגענער שבתי אקעגען און דערצעהלט מיר, אז דער רעדאקטאָר איז שוין ווייט אריינגעפאהרען אין וויץ... ער האט שוין כמעט די ערשטע העלפט פארטיג, און הייסט מיר קומען זעקס א זייגער אין אבענד.

זעקס א זייגער אין אבענד דערצעהלט מיר שבתי, אז דער וויץ האלט שוין ביים פארטיג ווערען, און דער רעדאקטאָר בעט מיך, איך זאל איהם ניט איבערשלאגען אין מיטען, און ער הייסט מיך אריינקומען מארגען פריה אכט א זייגער.

דאנערשטאג פריה אכט א זייגער קלאפ איך אן:

— קאם אין!

שטופ איך ווידער אריין דעם קאפ און פרעג:

— איז דער רעדאקטאר שוין פארטיג מיט דעם וויץ?

— נאך ניט, — ענטפערט שבתי.

— ווען־זשע זאל איך קומען?

— טרייעט צו קומען פיער א זייגער נאכמיטאג.

פיער א זייגער האט מיר שבתי געזאגט: „מיסטער, ס'איז אן עבירה אייער צייט מיט אייערע שיך, ווייל ווערליג דער רעדאקטאר זאגט, וועט ער נאך היינט מיט דעם וויץ ניט פארטיג ווערען. ער האט געמוזט די ערשטע העלפט פערניכטען, ווייל עס האט זיך ניט געלאכט פון איהם. דער רעדאקטאר דענקט, אז א וויץ דארף זיין וויציג.

— אודאי — זאג איך — דארף א וויץ זיין וויציג, פונקט ווי א זיפץ דארף זיין זיפציג... אלזא, ווען־זשע קען איך פארט זעהן דעם רעדאקטאר?

— פרובט אריינקומען ניין א זייגער ביינאכט.

ניין א זייגער איז שוין שבתי ניט געוועזען און איך בין גלייך אריין אין רעדאקציע צום רעדאקטאר.

דאס צימער איז געווען פול מיט רויך פון פאפיראסען און דער רעדאקטאר אליין איז געזעסען א בלייכער, אן אויסגעמאטערטער, מיט פערקאשערטע ארבעל און פון שטערען האט געקאפעט א שוויים. די פינגער אויסגעוויקט אין טינט און אויף דער ערד זיינען געלעגען אפשר הונדערט בויגען פאפיער מיט דעם אנגעהויבענעם וויץ — — —

איך האב דערלאנגט א הוסט. דער רעדאקטאר האט זיך א צאפעל געטהאן.

— האללא! — האט ער פרעהליך אויסגערופען — גוט וואס דו ביזט געקומען. איך מאטער זיך שוין אפשר פופצעהן מינוטען

אויף א וויץ (נישקשה פון א בלאפער!) און עס געהט מיר עפעס ניט! גיב עפעס אן עצה.

אז איך האב איבערגעלעזען די ערשטע העלפט פון זיין וויץ, האב איך מיט א ברעג פון מיין ענדקערטשיעף אויסגעווישט א טרעהר פון רעכטען אויג און געזאגט:

— איך האב פאר אייך דריי עצות: די ערשטע עצה איז, אז איהר זאלט טרייען שרייבען מיט בלויע טינט; די צווייטע עצה איז, אז איהר זאלט דרוקען דעם וויץ אין עטליכע פארטזעצונ־גען, ווי למשל א ראמאן... און די דריטע עצה איז, אז איהר זאלט דעם וויץ איבערגעבען צו אייערען א מיטארבייטער, וועט ער שוין טרייען מאכען א לייט פון איהם.

דער רעדאקטאר האט זיך בעליידיגט און זיך אבגעזאגט פון אלע מיינע עצות.

— — — — — — — — — — — — —

ווען דאס „כפרה־היהנדעל" איז ערשיענען און דער רעדאק־טאר האט מיך בעגעגענט אויף איסט בראדוויי, כאפט ער מיך אן פאר'ן ארבעל:

— נו, געלעזען דעם וויץ?

— ניט געלעזען.

— אט איז ער. און ער שטופט מיר אריין אין האנד דאס „כפרה־היהנדעל".

איך לעז איבער דעם „בעריהמטען" וויץ, זעה איך אונטער־געשריבען דעם רעדאקטאר'ס נאמען.

פרעג איך איהם: ווי קומט דאס, וואס איהר האט זיך אונטערגעשריבען אונטער אזא אלטען וויץ?

האט זיך דער רעדאקטאר פערטראכט און בייז אויסגערופען:

— א ניכפה זאל איהם דערשלאגען, דעם ממזר! וואו ער קעטשט נור אן אלט וויצעל, רוקט ער עס מיר אריין!

# בלוט.



יבערגעלעזען אין די צייטונגען, אז די „באארד אוו העלטה“ פערלאנגט בלוט אויף צו העלפען פאראליזירטע קינדער, זאג איך צו מיין פרוי:

— סיללי, ווייסטו וואס מיר איז איינגעפאלען? אנו, טרעף.

— ווער ווייסט, — זאגט זי — וואס דיר קען איינפאלען? אודאי מיר געבען מיט פינף דאלאר א וואך מעהר אויף צום לעבען.

— דוקא נים געטראפען! — זאג איך — מיר איז איינגעפאלען צו פאהרען צו די באארד אוו העלטה און אוועקשענקען פאר די אונגליקליכע עופה׳לאך אביסעל בלוט פון מיין קערפער.

— וויפיעל? פרעגט מיין פרוי.

— נים קיין סך, א גלאז.

— אויב א גלאז, וועל איך אויך געבען — זאגט מיין פרוי — וואס זעהט זיך אן ביי א מענשען א גלעזעל בלוט?

האבען מיר אבגעגעסען אנבייסען, זיך אויסגעפוצט ווי צו א חתונה און אוועק צו די באארד אוו העלטה.

אויפ׳ן וועג האב איך בעגעגענט א פריינד, אן אפרייטאר ביי קלאוקס. שטעלט ער מיך אפ:

— וואו געהסטו?

— אין דער באארד אוו העלטה.

— נאך וואס?

— אוועקגעבען א ביסעל בלוט פאר די פאראליזירטע קינדער.

— וואס? — פרעגט נאך אמאל איבער דער קלאוקס אפרייטאר.

— בלוט! בלוט פאר די קראנקע קינדער; די צייטונגען שרייבען, אז נור מיט בלוט פון געזונטע מענשען קען מען ראטע־ווען די קראנקע קינדער וואס לײדען פון „פאראליזיס“.

— און די פרוי וואו געהט?

— מיין פרוי געהט אויך אוועקשענקען אביסעל בלוט.

— אייך איז גוט ווי די וועלט! — האט דער אפרייטאר אויס־גערופען — איהר האט איבעריגע בלוט. איהר האט, ווי עס ווייזט אויס, קיינמאל אין קיין שאפ ניט געארבייט; קיין באס ניט גע־האט. די שאפ פון איין זייט און דער באס פון דער צווייטער זייט טהוען שוין זייער בעסט, אז מען זאל קיין בלוט ניט האבען. זיי זויגען אויס דאס בלוט צוזאמען מיט'ן מארך. ווען איהר וואלט, ווי איך, אבגעארבייט אין די שעפער אכטצעהן יאהר, און געהאט צו טהאן מיט באסעס, וואלט איהר היינט ניט געוועזען אזעלכע פיינע מענשען. וואלט איהר ניט געהאט וואס אוועקצוגעבען פאר די קראנקע קינדער. יא, אייך איז גוט!

און דער בלייבער אפרייטאר האט אונז שטארק מקנא געווען.

ביים געזעגענען זיך, האט מיר דער אפרייטאר געבעטען, אז אויב איך וועל זיין דעם צווייטען מאל אימשטאנדע אוועקצו־שענקען פאר די קראנקע קינדער אביסעל בלוט, זאל איך דאס טהאן אויף זיין נאמען. עס זאל הייסען, אז ער האט אויך עפעס בייגעשטייערט פאר די אומגליקליכע קינדער.

איך האב דאס איהם צוגעזאגט, און מיר האבען זיך געזעגענט.

אין אפיס פון די באארד אוו העלטה האט מען אונז זעהר פריינדליך אויפגענומען. א דאקטאר אין ווייסע הויזען האט אונז אריינגעפיהרט אין א בעזונדער חדר, אונטערזוכט אונזער בלוט און געפרעגט ביי וואס איך ארבייט.

האב איך איהם געזאגט, אז איך בין א שרייבער, א הומאריסט, א ווערטעל־זאגער.

— און אייער פרוי וואס טהוט?

— מיין פרוי ארבייט אין הויז, וואשט וועש, סקראבעט פאד־

לאַנגעס, קאָכט און נעהמט פאַר זיעבען קינדער; עסט זיך אָפּ מיט זיי דאָס האַרץ; שרייט אויף זיי; שרייט אויף מיר; איז טאָג און נאַכט אין כעס אויף דער וועלט, און, אַז זי האָט אַביסעל צייט — אַרבייט זי ווידער... און אַז זי אַרבייט ניט, פּוצט זי די פענ־סטער, פערציררעוועט די קינדערשע זעקלאַך, באָדט אָפּ די קינדער און טהוט זיי איבער פרישע אונטערוועש.

— וואָס נאָך טהוט אייער פרוי?

— ווייטער נעהמט זי צו ביי מיר די ווײַדזשעס און פרעגט מיך אַלע וואָך ווען איך וועל קריגען אַ „רייז".

— דאָס איז שוין ניט וויכטיג, — זאָגט דער דאָקטאָר — דאָס איז שוין „פּריוואַט ביזנעס".

ער האָט ווידער אונטערזוכט אונזער בלוט מיט אַזאַ מין מאַשינקע און ענדליך געזאָגט:

— עס טהוט מיר זעהר לייד וואָס איך קען אייער בלוט ניט „יוזען". אייער בלוט איז וואַסערדיג; אַ חוץ דעם האָט איהר ניט קיין איבעריגע. געהט אַהיים.

— רוף איך זיך אָפּ: „דאָקטאָר, מאַכט זיך ניט נאַריש! נעהמט וויפיעל איהר קענט! אויב איהר וועט מיר ניט אויסצאַפּען דאָס בלוט, וועט מיר דאָס מיין ווייב טהאָן, וועט דאָס מיין לענד־לאָרד טהאָן, און איידער מיין בלוט זאָל אַריינפאַלען צו זיי, איז שוין גלייבער די קראַנקע קינדערלאַך זאָלען עס האָבען".

— אונמעגליך! — האָט ווידער אויסגערופען דער דאָקטאָר. מיר זיינען אַוועק אַהיים מיט גאָר ניט.



# א טאלאנט...



ומט אריין צו מיר א בלאס אידעל מיט א שווארץ בער־ דיל און פרעגט:

— וואוינט דא דער שרייבער, ד ע ר און ד ע ר?

קוק איך אן דאס אידעל מיט מאדנע בליקען און זאג:

— ניין, מיסטער, א שרייבער מיט'ן נאמען ד ע ר און ד ע ר וואוינט דא נים.

— איך מיין ניט צו זאגען, אז דעם שרייבער'ס נאמען איז ד ע ר און ד ע ר, נאר איך פרעג אויב דער און דער שרייבער וואוינט דא.

פרעג איך דעם אידען: ווי רופט מען דעם שרייבער?

זאגט דער איד: איך האב פערגעסען... נאר שא. מיר דאכט, אז מען רופט איהם... ניין, איך קען זיך נים דערמאנען!

זעה איך דאך, אז איך האב דא צו טהאן מיט א פרא אדם, א נודניק — זאג איך:

— מיסטער, ווי וואלט געווען, אז עס זאל זיך ארויסווייזען, אז איך בין דאס דער שרייבער וועמען איהר זוכט! וואס וואלט איך געקענט טהאן פאר אייך?

ווערט דער בלאסער איד נערוועז און הויבט אן צו שטאמלען:

א—י—ך א—י—ך ב—י—ן גע—קו—מען א—יי—ך ב—עט—ע—ן א ש—ט—י—ק—ע—ל ט—ו—ב—ה.

— וואס פאר א טובה?

— איך בין, פערשטעהט איהר מיך, א סקיצען־שרייבער. דאס הייסט, איך שרייב סקיצען... נאר איין חסרון: זיי האבען קיינמאל ניט געזעהן די ליכטיגע וועלט. איך וואלט געוועז דער גליקליכסטער, ווען איך וואלט כאטש איין זאכעלע געקענט אפדרוקען אין א צייטונג. שוין יאהרען לאנג, אז איך שיק זאכען אין די רעדאקציעס און — גאר ניט. וואו נור א „בריפקאסטען" האט מען מיר שוין געענטפערט: „סטאפט שרייבען", „ניט דרוקבאר". בין איך געקומען צו אייך, איהר זאלט מיך ראטעווען. טאמער זאגט איהר מיר אפ, נעהם איך איין סם.

און ער פוילט זיך ניט און נעהמט ארויס פון בוזים־קעשענע א מאנוסקריפט:

— דאס איז א סקיצע. נעכטען געענדיגט. איך האב אויף איהר געהארעוועט איבער א חודש; טעג ניט דערעסען; נעכט ניט דערשלאפען; די קינדער געשלאגען; די ווייב פון שטוב ארויסגעטריבען, און נור געארבייט און געשוויצט אויף דער דאזיגער סקיצע.

נעהם איך פון זיין האנד דעם מאנוסקריפט און לעז איבער דאס קעפעל:

„עסען אדער ניט עסען?"

(א סקיצע אין דריי קאפיטלעך).

— וואס ווילט איהר איך זאל טהאן מיט דער סקיצע?

— גאר ניט — זאגט ער — נאר מאכען אן אנדער אנהויב. מיין אנהויב טויג אין דער ערד! ווען איהר מאכט מיר עפעס צו א לייטישען אנהויב, וואלט מען די סקיצע געדרוקט.

קריג איך רחמנות אויף דעם אידען, זעץ זיך אוועק און מאך איהם אן אנדער אנהויב. איך שרייב און דער איד קוועלט!

פארטיג געווארען, זאגט דער איד:

— מיסטער, אייער אנהויב איז ברילאנט! גאלד מיט זיל־

בער! נאר וואס טויג מיר דער אנהויב, אז ער פאסט זיך ניט צום צווייטען קאפיטעל.

— וואס־זשע ווילט איהר?

— וויל איך, אז איהר זאלט שוין זיין אזוי גוט און מיר אנ־שרייבען דאס צווייטע קאפיטעל אויך. איך וויל, אז דאס ע ר ש ט ע קאפיטעל זאל זיך פאסען צום צווייטען.

נעהם איך און שרייב שוין אויף דאס צווייטע קאפיטעל אויך.

לעזט ער איבער דאס צווייטע קאפיטעל און ער שמעלצט זיך פאר פרייד!

איהר זייט א גרויסער בריה — זאגט ער — נאר וואס קומט מיר ארויס, אז... אז... די ערשטע צוויי קאפיטלעך האבען גאר נישט צו טהאן מיט'ן דריטען קאפיטעל. איך וואלט געוואלט, אז די ערשטע צוויי קאפיטלעך זאלען זיך פאסען צום דריטען.

— וואס־זשע ווילט איהר? — פרעג איך שוין אביסעל אין כעס.

— וויל איך, אז איהר זאלט שוין זיין אזוי גוט און מיר אנ־שרייבען דאס לעצטע קאפיטעל אויך.

נעהם איך די פעדער אין האנד און שרייב שוין אן דאס דריטע און דאס לעצטע קאפיטעל אויך.

לעזט ער איבער און זאגט מלא שמחה:

— מיסטער, איהר האט מיך פשוט געראטעוועט! איך וועל אייך די טובה קיינמאל ניט פערגעסען! פערשטעהט איהר מיך, עס נעהט מיר ניט אזוי אין דער זאך אליין... נאר איך וויל איינ־מאל־פאר־אלע־מאל ווייזען די רעדאקטערע פון די צייטונגען, אז איך בין יא א טאלאנט. אז איך קען נאך עני טאים אזוי שרייבען ווי זיי. אז זיי האבען מיך ניט בעדארפט בעליידיגען אין די בריעף־קאסטענס...



# צווישען יונגע דיכטער.



ין ליטעראַרישען קאַפע, ביי אַ טישעל, זיצען עטליכע „יונגע“ דיכטער. צווישען זיי געפינען זיך צוויי — אַ רויטער און אַ ברונעטער — וואָס האַמפּערען זיך, ווער פון זיי עס האָט מעהר לעזער.

דער רויטער דיכטער בעהויפּטעט, אַז דער ברונעטער האָט ביי אַ דריי הונדערט לעזער.

געפינט זיך דער ברונעטער שטאַרק בעליידיגט. סטייטש, אַזאַ בלבול! און ער נעהמט שרייען הויך אויפ'ן קול:

— ס'אַ ליגען! אַ געמיינער ליגען! איך האָב ניט מעהר ווי הונדערט לעזער!

— דו האָסט ניט קיין הונדערט, נור דריי הונדערט! — קאַכט זיך דער רויטער דיכטער — און אפשר נאָך מעהר! זעהסטו איך האָב אפשר, אפשר צוויי הונדערט לעזער!

— וואָס? צוויי הונדערט לעזער האָסטו? וועמען דערצעהלסטו דאָס? דו האָסט אפשר פינף הונדערט לעזער!

— איך האָב פינף הונדערט לעזער? — צופייערט זיך דער רויטער דיכטער — אַזוי פיעל צעהן־טויזענטיגע זאָל איך פערמאָגען מיט אַלע מיינע חברים אין איינעם, וויפיעל וועניגער איך האָב פון דריי הונדערט, אפילו פון צוויי הונדערט! זעהסטו, דו האָסט יאָ אַזוי פיעל! ניט איך!

— אויב אַזוי, ביזט אַ שאַרלאַטאַן! און איך פאָדער, אַז דו זאָלסט שוין צוריקציהען די בעליידיגונגען! וואָרים אַלע ווייסען, אַז איך שרייב ניט פאַר די מאַסען. איך שרייב בלויז פאַר עטליכע

געצעהלטע אינטעליגענטען... קומט ער צוגעהן, דער קלאסיקער, דער גראמענפלעכטער, און וויל מיר איינשמועסען, אז איך האב פינף הונדערט לעזער! אזא פאסקודניאק, אזא פאלקס־דיכטער, ביי דיר פערשטעהט מען דאך יעדעס ווארט, וואס דו שרייבסט!

— וואס?! מיך פערשטעהט מען? דו זאלסט אזוי דער־לעבען דיין צעהן־יעהריגען יובילעאום, ווי מען פערשטעהט אפילו א ווארט פון מיינע ליעדער! דיך פערשטעהט מען!

דא איז שוין דער ברונעטער דיכטער געווארען שטארק צו־קאכט: ער האט א קלאפ געטהאן מיט זיין ביינערדיגער האנד אן טישעל און אויסגעשריען:

— דו שעקספיער, דו!

— איך בין א שעקספיער? איך? ביזט אליין א שעקספיער! דו... דו... ביזט א... א... היינריך היינע! אט וואס דו ביזט!

— חברים! — האט זיך דער רויטער דיכטער געווענדעט צו זיינע קאלעגען — חברים! איהר האט אלע געהערט ווי דער פאסקודנער קלאסיקער האט מיך בעשמוצט פאר אלעמען אין די אויגען. ער האט מיך גערופען היינריך היינע! איהר הערט? היינריך היינע! איך וועל איהם אזא ניעדערטרעכטיגקייט ניט פערשוויייגען! מיך האט נאך קיינער ניט געוואגט אזוי טיעף צו בעליידיגען! חברים! וואס שטעהט איהר? וואס נעהמט איהר זיך ניט אן פאר מיר? איהר זעהט ווי מען בעווארפט מיט שמוץ אייערען א חבר, מען רופט מיך היינריך היינע, און איהר — גאר ניט, עס ארט אייך אפילו ניט!

דא האט זיך ארייגעמישט אן אלטער שרייבער און געמאכט שלום: ניט דו ביזט א שעקספיער, ניט דו ביזט א היינריך היינע!

— האט דער אלטער שרייבער גע׳פסקנ׳ט — און בעט זיך איבער.

די צוויי דיכטער האבען זיך איבערגעבעטען.



# א פאנטאזיע...



יך בין געזעסען אין רעדאקציע און געשריבען. פלוצים האב איך דערפיהלט א האנד אויף מיין פלייצע. איך האב זיך אומגעקוקט — דעם רעדאקטאר'ס האנד! ער האט א וואונק געטהאן צו מיר איך זאל אריינגעהן מיט איהם אין זיין פריוואט צימער. בין איך אריינגעגאנגען.

— זעצט אייך — האט דער רעדאקטאר מיר אונטערגערוקט א שטול.

איך האב זיך געזעצט.

— איך וויל מיט אייך רעדען וועגען זעהר א וויכטיגע זאך — האט דער רעדאקטאר אנגעהויבען — אבער איך וויל אייך בע־טען, אז איהר זאלט ניט ברוגז ווערען אויף מיר. איהר זאלט זיך ניט געפינען בעליידיגט... איך מיין אייך חלילה ניט אנצוטרע־טען אויף אייער כבוד, אבער איך האלט עס פאר זעהר זעהר וויכטיג...

— איך פערשטעה אייך ניט, מיסטער רעדאקטאר, עפעס רעדט איהר מיר היינט האלבע ווערטער.

— איהר האט טאקע רעכט,—אבער דאס איז אזא מין געשיכטע וואס איך האב מורא, אז איך וועל אייך פערלירען אלס א פריינד. און אייער פריינדשאפט איז ביי מיר זעהר אנגעלייגט. איך ליעב אייך אלס מענש און אלס מיטארבייטער. איהר פערשטעהט? דערפאר איז מיר שווער אייך פארצושלאגען א — — — — —

— זאל איך קרענקען, אויב איך פערשטעה אייך היינט! וואס ווילט איהר מיר פארשלאגען?

— וועל, איך מוז אייך זאגען, וואס איך וויל. איך קען זיך ניט העלפען. מיין געוויסען פלאגט מיך... איך וויים, אז איהר זייט א פאמיליען מאן... א ווייב מיט קינדערלעך... דער יקרות איז גרוים... קויהלען, קליידער, עסען רענט — אלץ איז בראנד־טהייער וויל איך אייך געבען א — — — — א — — — — —

— א וואס?

— א — — — א— אבער איך בעט אייך, בעהערשט אייך... געפינט זיך ניט בעליידיגט... ווייל דא איז ניט קיין פראגע פון ווידזשעס... ווידזשעס געהמען דאך פשוט'ע ארבייטער, שניידערס, שוסטערס. אבער מיר זיינען דאך עפעס שרייבער, הומאריסטען, קינסטלער, דא קען דאך ניט זיין קיין פראגע פון ווידזשעס... איהר פערשטעהט? דא איז דאך א פראגע פון האנאראר... און אייער האנאראר איז ביז אהער געווען אונבעדייטענד, קליין, מאגער... מע'קען זאגען ווי פאר א קינפעט־קינד... וויל איך אייך פון יעצט אן געבען א — — — א — ביי מיין ווארט איך שעהם זיך...

— שעהמט זיך ניט! איהר מעגט זאגען אפען און פריי וואס איהר ווילט; מיר זיינען דאך עפעס אלטע גוטע פריינד. זאגט, זאגט...

— וועל, איך זעה שוין, אז איך בין געצוואונגען צו זאגען... איך וויל אייך נעמליך פארשלאגען א — — — רייז... אבער געפינט זיך ניט בעליידיגט... איך בעט אייך!... ווי געזאגט, טהו איך דאס צוליעב דעם יקרות.

— — — — — — — — — — — —

אויסגעהערט דעם רעדאקטאר, האב איך איהם פערזיכערט, אז מיין כבוד וועט דערפון ניט ליידען... און דעם כבוד פון מיין פרוי און קינדער וועט דאס אויך ניט אנריהרען... און וואס אנבעלאנגט דעם „רייז“ וואס ער וויל מיר געבען, דאנק איך איהם זעהר: דער „פראלעטאריער“ איז דאך ניט גלאט א צייטונג ווי אלע צייטונגען. ס'איז דאך עפעס, ווי זאגט איהר, א סאציאליסטישע

צייטונג, א צייטונג וואס פרעדיגט הויכע אידעאלען, ערהאבענע פרינציפען. וואס־זשע וועל איך געהן ביי אזא צייטונג אויסרייסען נאך עטליכע דאלאר? נייז, פריינד רעדאקטאר, איך וועל ביי אייך קיין „רייז“ ניט נעהמען!

דא איז מיר דער רעדאקטאר ארויפגעפאלען אויפ׳ן האלז און מיט טרעהרען אין די אויגען גענומען בעטען, אז איך זאל זיך פון דעם „רייז“ ניט אבזאגען. „פערגעסט ניט אן דעם איצטיגען יקרות.. — האט ער מיך ווידער דערמאנט — „מיט פרינציפען קען מען קיין קויהלען ניט קויפען; מיט אידעאלען קען מען דעם לענדלארד ניט אפ׳פטור׳ן. דער קויהלען־טראסט און דער לענדלארד האבען זיך זייערע אייגענע פרינציפען, זייערע אייגענע אידעאלען... איהר פערשטעהט? דערפאר בעט איך אייך, אז איהר זאלט די הוספה וואס איך גיב אייך, יא אננעהמען. איהר וועט מיך טהאן א פערזענליכע טובה...

און ער האט מיך צוגעדריקט צו זיך ווי א מוטער איהר בן יחיד...

אבער איך האב זיך געהאלטען פעסט ווי שטאל: „איך וועל קיין רייז ביי דעם „פראלעטאריער“ ניט נעהמען!“

דא האט זיך שוין דער רעדאקטאר געפונען בעליידיגט און אויסגערופען:

— איהר מוזט נעהמען!

— איך וועל ניט נעהמען! — האב איך זיך גענומען האמפערען מיט איהם.

— איהר וועט בעסער ווערען — האט ער געזאגט — סיידען איהר האט ניט קיין מיטלייד אויף אייערע קינדערלעך.

— וועל, לאזט מיך היינט צו רוה. איך וועל זיך דן זאך איבערלייגען...

— אלרייט, לייגט זיך איבער די זאך און זייט ניט קיין עקשן... סיידען איהר ווילט איך זאל אייך בלייבען אן אייביגער שונא — — — —

— — — — — — — — — — — — —

# א יובילעאום מתנה.



בעריהמטער דיכטער איז תנחום. בעריהמט און בע־ליעבט. ווען מען האט געפייערט זיין פופצהן־יעהריגען יובילעאום, האבען איהם די שרייבער פון די טעגליכע צייטונגען געמאכט א מתנה א פאר קאלאשען, א זיידענעם רעגען־שירים און א שטעקען.

האט מען ביי איהם דעם רעגען־שירים צוגע.גנב'עט אין א רעסטאראנט, די קאלאשען האט ער פערגעסען ביי א ליטעראריי־שען אבענד און דעם שטעקען האט ער איבערגעבראכען אויף העלפט שלאגענדיג א קריטיקער...

מיט פינף יאהר שפעטער איז געפייערט געווארען תנחום'ס צוואנציג־יעהריגער יובילעאום. צו דיעזען יובילעאום האבען איהם די זעלבע שרייבער געמאכט א מתנה א פאנטאן־פען, א בוקעט בלומען און א גאלדען זייגעריל.

האט ער די פאנטאן־פען פערלארען, די בלומען אוועקגעשאנ־קען א מיידעל און דאס זייגעריל האט ער פערזעצט... געליהען אויף דעם זעכצעהן דאלאר.

די צייט איז זיך דערווייל געגאנגען און איינגעשלונגען טעג און וואכען און יאהרען, און דער דיכטער האט געשריבען, און דער עולם האט געלעזען און די קריטיקער האבען איהם געלויבט. גע־לויבט און בעוואונדערט.

בלויז איין קריטיקער האט איהם ארונטערגעריסען. דאס איז געווען ד ע ר, איבער וועמענס פלייצעס תנחום האט איבערגע־בראכען דעם שטעקען... דער קריטיקער האט געהאלטען אין איין

בעווייזען, אז תנחום האָט קיין טאַלאַנט נים; אז תנחום האָט גי־בער געדאַרפט זיין א הינט־שלעגער איידער א דיכטער.

דער אינטעליגענטער עולם האָט געלעזען און געלאַכט פון דעם נאַרישען קריטיקער, און איהם אויף להכעיס האָט זיך תנחום גע־עלטערט, און מען האָט גענומען פייערען זיין פינף־און־צוואַנציג־יעהריגען יובילעאום.

מען האָט געדונגען דעם גרעסטען זאַאַל פון שטאָדט, בע־שטעלט גרויסע מוזיקאַלישע און ליטעראַרישע טאַלאַנטען, אנאַנ־סירט די גרעסטע אידישע רעדנער, און אלע ציימונגען און זשור־נאַלען זיינען ערשיענען מיט דעם דיכטער׳ס בילד און מיט פרישע לויב־געזאַנגען.

די שרייבער פון די טעגליכע צייטונגען האָבען זיך ווידער פערזאַמעלט און ווידער בעשלאָסען צו מאַכען דעם דיכטער א מתנה.

אָבער וואָס פאַר א מתנה מאַכט מען איהם?

האָט איינער געזאָגט, מען זאָל איהם געבען הונדערט דאָלאַר קעש.

האָט א צווייטער געזאָגט, אז קעש האָט ביי תנחום׳ען קיין ווערטה נים. געלד איז ביי איהם בלאָטע.

האָט א דריטער געזאָגט, אז מען זאָל איהם די הונדערט דאָ־לאַר געבען נים מיט אַמאָל, נור צוביסלעך, א דאָלאַר א וואָך.

הקיצור, מען האָט זיך אַרומגעריסען אזוי לאַנג, ביז ס׳איז געבליבען מען זאָל איהם ווידער קויפען א גילדען זייגעריל, נור מען זאָל איהם אָנזאָגען פריהער, ער זאָל דאָס זייגעריל נים פערזעצען...

דאָ האָט זיך אויפגעשטעלט איינער, א הומאָריסט, און גע־נומען דאָס וואָרט:

— חברים און קאָלעגען! — האָט דער הומאָריסט אויסגע־רופען — אָנזאָגען אונזער בעליעבטען דיכטער, ער זאָל דאָס זיי־געריל נים פערזעצען, איז נאַריש. ערשטענס, וועט ער אונז נים פאָלגען, ער איז א מענש מיט א פעסטען כאַראַקטער. צווייטענס, האָט ער גלאַט פיינט, אז מען זאָגט איהם א דעה. זאָל ער טהאָן

מיט׳ן זייגעריל וואס זיין הארץ גלוסט. דריטענס, האב איך אן עצה. מיין עצה איז, אז אנשטאט צו קויפען א נ י י זייגעריל, זאל מען איהם בעסער אויסלייזען פון פאנ־שאפ דאס א ל ט ע זייגעריל. און אויב עס וועט זיך ארויסווייזען, אז אויף דעם אלטען זייגעריל איז שוין אנגעוואקסען צופיעל פראצענט, זאל מען עס לאזען פאלען און — — —

דא האט אן ארטיקעל שרייבער איבערגעשלאגען דעם הומאריסט מיט א בעמערקונג, אז מען קען ניט ריידען וועגען אויסלייזען דאס אלטע זייגעריל, מחמת תנחום האט נאך מיט צוויי יאהר צוריק פערקויפט דעם פאן טיקעט פאר צוויי דאלאר.

איז געווארען א געלעכטער און דער הומאריסט האט ווייטער גערעדט:

— אויב אזוי, איז מיין עצה, אז מען זאל איהם טאקע קויפען א גאלדען זייגעריל, נור מען זאל עס איהם ניט אוועקגעבען...

— וואס דען זאל מען טהאן דערמיט? — האט געפרעגט א נייעס־שרייבער.

— מיר זאלען דאס זייגעריל אליין פערזעצען און איהם, תנחום׳ען, באלד אוועקגעבען דעם פאאן־טיקעט. זאל ער זעהן, אז מיר האבען איהם געקויפט א שעהנע מתנה...

— אונטערשטיצט! אונטערשטיצט! — האבען זיך געהערט שרייבערישע קולות פון אלע זייטען — א טייערער פלאן!

און אזוי איז טאקע געבליבען.

אין דעם אבענד פון יובילעאום האט איהם א קאמיטע פון צוויי שרייבער איבערגעגעבען דעם פאן טיקעט פון דעם גילדערנעם זייגעריל.

דער דיכטער האט בעדאנקט דער קאמיטע פאר דעם גרויסען כבוד און זיך מיט ביידע שרייבער צוקושט...



# נח דער קריטיקער.



ין א שעהנעם העלען ליכטיגען זומער־טאג, איז ער־שיענען אן אנאנסע אין א צייטונג, אז דער פאבלי־שער, מנחם מענדעל, האט ארויסגעגעבען א בוך מיט ליעדער פון דעם בעוואוסטען דיכטער פויגעל. אויף מארגען האט דער פאבלישער ערהאלטען א בריוועל פון א שרייבער. דאס בריוועלע האט זיך געלעזען אזוי:

„ ר' מנחם מענדעל! שיקט מיר באלד ארוים דעם נייעם בוך מיט די ליעדער פון דעם בעליעבטען דיכטער פויגעל. איך וויל אין מיין צייטונג שרייבען א קריטיק איבער דעם דיכטער מיט זיינע ליעדער.

„עס רעדט זיך נאר א „קריטיק“; עס וועט גאר ניט זיין קיין סריטיק; עס וועט ניכער זיין א לויב־געזאנג צום פאבלישער. א מין ליטעראַרישער אדווערטייזמענט. איהר קענט זיך אויף מיר פערלאזען.

מיט דרך ארץ,

נח

קריטיקער פון דעם „טעגליכען לעבען“.

האט זיך דער פאבלישער (ניט קיין נארישער איד), אוועק־געזעצט און באלד געענטפערט דעם קריטיקער בזה הלשון:

„מיסטער נח! — איהר זייט א ליגנער און א זשוליק! איהר ווילט בלויז אויסנארען ביי מיר אומזיסט דעם בוך! מען קען אייך שוין; מען ווייסט אייך שוין. איהר האט שוין ביי מיר אמאל גענומען א בוך מיט סקיצען פון דעם בעריהמטען סקיצען־שרייבער מ ע ש ע ל און איהר האט קיין קריטיק דאן ניט געשריבען. אלזא,

וועט איהר מיך א צווייטען מאל ניט נארען. סיידען... יא, סיי־
דען איהר וועט פריהער אויפשרייבען די קריטיק און זי אבדרוקען,
דאן וועל איך אייך געבען א בוך.

אייער,

מנחם מענדעל.

אז דער קריטיקער, נח, האט איבערגעלעזען דעם פאבלי־
שער'ס בריוועל, האט ער זיך באלד אוועקגעזעצט און אנגע־
שריבען אן „אויספיהרליכע" קריטיק איבער דעם נייעם ליעדער־
בוך און אריינגעלויבט דעם פאבלישער אין טאג אריין.

די קריטיק איז ערשיענען און זי האט געמאכט א רושם צווי־
שען די שרייבער...

דאן האט דער קריטיקער נח אויסגעשניטען פון דער צייטונג
די קריטיק, אוועקגעטראגען זי צום פאבלישער, און מלא שמחה
אויסגערופען:

— נו, ווי געפעלט אייך מיין קריטיק איבער די ליעדער?
א פיין קריטיקעל, הא? א גוטער קריטיקער גיט זיך אן עצה. אט
האב איך געשריבען וועגען דעם בוך ליעדער, כאטש איך האב
נאך דעם בוך אין די אויגען ניט אנגעזעהן. איצט בין איך שוין
ווערטה א בוך?

— יא — האט דער פאבלישער אויסגערופען שטארק בע־
גייסטערט — און ער האט דעם קריטיקער דערלאנגט דעם נייעם
בוך מיט די ליעדער.

דער קריטיקער, נח, האט בעטראכט דעם בוך; איהם גע־
דרעהט פון אלע זייטען, בעוואונדערט דעם איינבונד, דאס פאפיער,
און א זאג געטהאן צום פאבלישער:

— וועז איהר גיט מיר אבער דעם בוך מיט דריי טעג צוריק,
וואלט די קריטיק גאר אנדערש ארויס... עס איז זעהר ניט גוט,
אז מען דארף שרייבען איבער ליעדער, וועלכע מען האט ניט גע־
לעזען...

# אַ פיינער שרייבער.



ין א צייטונג האט אמאל פאסירט אזא געשיכטע:

אַלע ארטיקלען וואס האבען געדארפט אריינגעהן אין דעם שבת'דיגען נומער, זיינען געוועזען צו לאנג. האט מען געפרעגט ביים רעדאקטאר וואס צו טהאן. האט דער רעדאקטאר קיין סך ניט געטראכט און געהייסען אבקירצען די ארטיקלען: פון דער סקיצע זאל מען ארונטערנעהמען 11 שורות; פון דעם פעליטאן — 16 שורות; פון דעם ראמאן — 17 שורות; פון דעם לייט־ארטיקעל — 8 שורות; פון דעם פאליטישען ארטיקעל — 4 שורות, פון דעם ארטיקעל וועגען ליקוי חמה 32 שורות, א. ז. וו.

זאל מען די אלע שורות אוועקווארפען? — האט מען געפרעגט דעם רעדאקטאר.

— חלילה! — האט דער רעדאקטאר געזאגט — די שורות דארף מען האלטען; מען דארף זיי צוזאמענלעגען און מאכען פון זיי א בעזונדער ארטיקעל.

האט מען געפאלגט דעם רעדאקטאר און מען האט פון די אלע שורות צונויפגעשטוקעוועט אן ארטיקעל...

אויף מארגען האט מען דיעזען ארטיקעל אריינגעשטעלט אין צייטונג מיט א דריי־קאלומדיגען קאפ:

„די וועלט־טראגעדיע מיט איהרע פראגרעסיווע פראבלעמען...“

דער ארטיקעל איז ארויסגעקומען העכסט אינטערעסאנט און האט זיך געלעזען אונגעפעהר אזוי:

אז משה לייזער האט חתונה געהאט, האט ער זיך באלד גע־

כאפט, אז ער איז בעגאנגען א נארישקייט. מחמת די וואס וויי־לען א קאנגרעס, בעקעמפפען די וואס ווילען א קאנפערענץ. מיט פאלעסטינא האט עס אבער ניט צו טהאן... דערווייל קאכט זיך אונזער וועלטעל: מען האמפערט זיך, מען ספארעט זיך... דער פרינץ זיצט אין גארטען אונטער די קאשטאנגען־בוימער און קושט די אראבישע פרינצעסין. ער קושט און ווערט גאר ניט זאט... דער צווייטער וויל בעווייזען, אז אי א קאנגרעס, אי א קאנפערענץ זיינען וויכטיג. דערווייל געהט אן א ברענענדער קאמפף צווישעןביידע צדדים: צווישען ר' יאקלען און ר' שמענדריק'ן. צוערשט אבער מוז די קהלה מאכען א טאלק מיט'ן אלטען שוחט את אנ־שטעלען א נייעם חזן.

פראנקרייך און רוסלאנד דארפען וויסען, אז ליקוי חמה איז ניט אזוי שווער צו פערשטעהן ווי עס קען זיך אויסדראכטען. דאס איז א מין פינסטערניש, וואס מיר וועלען דא טרייען צו ערקלעהרען וויסענשאפטליך און קלאהר:

עסט אויף, למשל, א פלייט אייז־קרים און פערטרינקט מיט וואסער. וואס וועט פערבלייבען? גאר ניט!

דאס זעלבע איז מיט ליקוי חמה...

נאך א ביישפיעל:

נעהמט א גרינעם עפעל און לעגט איהם ארויף אויף דער זון און לאזט איהם דארט ליגען א וואך צייט. וועט ער זיך אב־ראטען? געוויס וועט ער זיך אבראטען.

לאמיר נעהמען נאך א ביישפיעל:

נעהמט צוויי קידוש־גלעזלאך, פרופט אין איין גלעזעל אריינ־לעגען אן ארבעס, און אין צווייטען א וואטערמעלאן. וואס וועט דעמאלט זיין? די אהבעס וועט טאקע אריינגעהן אין גלעזעל און דער וואטערמעלאן ניט. פארוואס? ווייל דער וואטערמעלאן איז גרעסער ווי דאס גלעזעל.

דאס אייגענע איז מיט ליקוי חמה...

אדער נעהמט דיעזען ביישפיעל: צינדט אן א ליכט און פרופט

האלטען אייער גראבען פינגער אויפ'ן פלאם א טאג צייט. וועט איהר דאס קענען? ניין! פארוואס? ווייל עס ברענט.

דאס איינענע איז אויך מיט ליקוי חמה...

אט אזוי, אונגעפעהר, האט זיך געלעזען דער ארטיקעל.

אין עטליכע טעג ארום איז די רעדאקציע פון דער צייטונג פערפלייצט געווארען מיט א ים בריעף פון איהרע לעזער. אלע זיינען געווען שטארק בעגייסטערט פאר דעם ארטיקעל; זיי האבען נאך קיינמאל ניט געלעזען אזא קלארען, אזא פערשטענדליכען ארטיקעל ווי דער, — און זיי האבען אויפגעפאדערט דעם רעדאקטאר, אז ער זאל, למען השם, אנהאלטען דעם שרייבער. ער זאל איהם ניט אבלאזען; ער איז א פיינער שרייבער...



# אן ארטיקעל מיט א באק-צאהן.



ערהער איך א פייף פון'ם בריעף-טרעגער. פליה איך ארונטער פון די טרעפ און דער בריעף-טרעגער דערלאנגט מיר א בלויען קאנווערט.

עפען איך דעם קאנווערט און נעהם פון דארט ארויס א בריוועל און פון בריוועל — א באק-צאהן.

דאס בריוועל איז געווען פון מיינעם א חבר פון דעטראיט.

ער שרייבט:

„טהייערער חבר! דעם צאהן וואס איך שיק דיר דא אין בריוועל, איז מיין צאהן. איך האב איהם אויסגעבראכען לעזענדיג אן ארטיקעל אין וועכענטליכען „טאראראם". דאס איז שוין דע דריטער צאהן זייט איך בין געווארען א סובסקרייבער אויף דעם „טאראראם".

„למשל, אין לעצטען נומער פון „טאראראם" הויבט זיך אן אן ארטיקעל מיט די ווערטער:

„דער איד איז אן אטאם, א מאלעקולע, א פונק פון דעם פסיבישען אנאליטישען פראצעס, וואס פלאמט אויף אין דער סביבה פון די טאפ-צענטערען. ער איז די עמפפינדליכקייט פון אלע עמפפינדונגען; א מאטעריאליסטישע סכעמא פון א דרויסענדיגער לאקאליזאציע".

„איבערלעזענדיג דיעזען ארטיקעל, האב איך זיך אויסגעבראכען דעם באק-צאהן, וואס איך שיק דיר דא אין דעם קאנווערט.

„וויל איך דיך בעטען, טהייערער חבר, אז דו זאלסט תיכף אריבערלויפען אין דער רעדאקציע און איבערגעבען דעם רעדאקטאר מיין צאהן. זאל ער זעהן ווי זיינע לעזער ליידען. און פאר

איין גאנג איהם בעטען, אז ער זאל מיר אויפהערען שיקען דעם „טאראראם". די עטליכע צייהן, וואס איך האב נאך דארף איך געברויכען צום קייען...

דיין חבר יאסעל".

פאלג איך מיין חבר און לויף גלייך אריבער אין דער רעדאקציע און גיב איבער דאס בריוועל מיט'ן צאהן.

לעזט דער רעדאקטאר איבער דאס בריוועל, בעטראכט דעם צאהן און בעמערקט:

— ווייזט אויס געווען א שטארקער צאהן!... און ער עפענט אויף א שיפלאדעל פון זיין שרייב־טיש, נעהמט ארויס פון דארט א זעקעלע און זאגט:

— איהר זעהט אט דאס זעקעלע? פול מיט צייהנער איז עס! איך בעהאלט אלע צייהנער, וואס אונזערע לעזער שיקען אונז צו. אט דאס זעקעלע מיט די צייהנער האבען מיר צוזאמענגעקליבען פאר די לעצטע זעקס חדשים.

און דאס וואס אייער חבר שרייבט אייך, אז דאס איז שוין דער דריטער צאהן ביי איהם זינט ער לעזט אונזער „טאראראם", איז ניט אמת; ס'איז ערשט דער צווייטער. ביי אונז איז אלעס פערשריבען.

— איהר פערשרייבט גאר אזעלכע זאכען? — פרעג איך.

— אודאי פערשרייבען מיר; ווייל נאך די צאהל פון די צייהנער, וואס די לעזער שיקען אונז צו, רעדאקטירען מיר די צייטונג. למשל, מיט דריי יאהר צוריק האבען מיר ערהאלטען סך הכל דריי הונדערט באק־צייהנער און פינף הונדערט געוועהנליכע צייהנער. האבען מיר פערשטאנען, אז אונזערע ארטיקלען זיינען צו לייכט, אז מיר מוזען האבען שווערערע ארטיקלען. מחמת אונזער פרינציפ איז ארייןצוקריגען פון די לעזער וואס מעהר צייהנער. איהר פערשטעהט? האבען מיר באלד בעשטעלט ביי דר. יאקעל א סעריע ארטיקלען איבער דער „פאטאליסטישער אויפלעבונג פון דער אלעגאריע". האבען מיר שוין אויפ'ן צווייטען יאהר אריינגעקראגען מיט פיער הונדערט צייהנער מעהר. און דאס

האַט אונז בעוויזען, אַז דער לעזער דערנעהענטערט זיך מעהר צו אונז. אַז אונזערע אַרטיקלען ווערען אַלץ סאָלידער, טיעפער, קולטורעלער...

מיר האָבען שוין אָבגעזאָגט דריי שרייבער דערפאַר, וואָס מען האַט זייערע אַרטיקלען פערשטאַנען. אַז מען פערשטעהט אַן אַרטיקעל, בעווייזט עס, אַז די ציַיטונג איז ניט אינטעליגענט... אַלץ מוז דורכגעהן די פערנעבעלטע סביבה פון די עוואָלוציאָנס־פּראָצעסען פון דעם וועלט־אַלל און פון דער קאָסמאָגאָניע. אַנדערש קען מען ניט דורכשניידען די סטיכיע פון דעם אַל־וועלטליכען כאַאָס פון די פּראָבלעמען און צוקומען צו די פאַרטגעשריטענע לעזער.

— הייסט עס, אַז איהר האַט דאָס יאָהר געהאַט אַ גרעסערען סוקסעס ווי מיט אַ יאָהר צוריק?

אַז איך האָב זיך געלאָזט אַוועקגעהן, טהוט מיך דער רעדאַקטאָר אַ פרעג:

— און איהר זייט אויך אונזערער אַ לעזער?

— געוועזען, ענטפער איך, אָבער איך קען ניט מעהר. און איך האָב געעפענט דאָס מויל און איהם געוויזען, אַז איך האָב ניט מעהר ווי יאַסלעס...



## א רעדאַקטאָר נעבאך.



מענשען דענקען, אַז זיין אַ רעדאַקטאָר איז אַ טהייערע זאַך, אַז אַ רעדאַקטאָר איז בלויז בעשאַפען געוואָרען אריינצוּוואַרפען גוטע מאַנוסקריפּטען אין פּאַפּיער־קאָרב, און נעהמען גרויסע שכירות.

אַזוי זאָגען מענשען.

הערט אַבער וואָס איך זאָג. איך זאָג, אַז איך וואָלט ניט געוואָלט זיין אַ רעדאַקטאָר פון אַ אידישער צייטונג ווען מען גיט מיר אַוועק ראָטשילד'ס אוצרות.

ווער עס האָט נור צייט, און גאָט אין הארצען, און אַ מויל צום ריידען, דער קומט באַדערען דעם רעדאַקטאָר. מען לאָזט איהם ניט אָפּדערבען, דעם אָטהעם אַבציהען.

אָט זיץ איך און לעז פּאָר פּאָר מיין רעדאַקטאָר אַ מעשה'לע. אָפּגעלעזען די ערשטע עטליכע שורות, אהא! עפּעס אַ איד מיט אַן אויערינגעל אין לינקער אויער, וואַקסט ארויס לעבען אונז ווי אַ שוועמעל נאָך אַ רעגען.

— מיסטער, וואָס ווילט איהר?

— איך וויל זיך מיט אייך אַן עצה האַלטען וועגען זעהר אַ וויכטיגען ענין. עס וועט לאַנג ניט נעהמען.

— מאַכט דאָס גיכער! — טהוט דער רעדאַקטאָר אַ זאָג נערוועז — מיר האָבען קיין צייט ניט!

— וואָס הייסט, איהר האָט קיין צייט ניט? — פרעגט דער איד — וואָסי? דער ים ברענט?

— מיסטער, נעהמט שוין דער רעדאַקטאָר אַן אַ העכערען טאָן, באַלאַמוטשעט ניט! פרעגט אייער פראַגע און מאַכט אַ סוף.

— איך וויל ביי אייך פרעגען, וואס איך זאל טהאן. איך בין ווי איהר זעהט, אן אלמן. דאס הייסט, א מאן אהן א פרוי. אלט בין איך, ווי איהר זעהט, זעכציג יאהר מיט פיער חדשים. רעדט מען מיך א שידוך מיט א יונגע אלמנה. וויל מיך די אלמנה נים; נים ווייל איך בין א מיאוס'ער, נור ווייל אך בין א מלמד. זי וויל, זאגט זי, האבען א פיעדעל־שפיעלער. וויל איך ביי אייך פרעגען, הערר רעדאקטאר, ווי אזוי מען קען זיך אויסלערנען שפיע־לען פיעדעל, און וויפיעל דאס דארף מיך קאסטען, און ביי וועמען זאל איך נעהמען לעסאנס, און וויפיעל זאל איך צאהלען פאר א לעסאן, און ווי לאנג דארף נעהמען איך זאל קענען שפיעלען, און וואו זאל איך קויפען דאס פיעדעל, און וואס וועט זיין אז איך וועל זיך נים אויסלערנען?... און אפשר זאל איך זיך בעסער לערנען שפיעלען אויף א באס? מענשען זאגען, אז א באס איז שעהנער, מחמת ער איז גרעסער פון א פיעדעל.

האט איהם דער רעדאקטאר געהייסען קומען אן אנדערסמאל, אויב מעגליך, זומער, ווען ער, דער רעדאקטאר, וועט זיין אויף וואקיישאן.

דער איד מיט'ן אויערינגעל איז אוועק און איך האב ווייטער גע־נומען לעזען דאס מעשה'לע. אבגעלעזען נאך עטליכע שורות, אהא! א נייער אונגליק: א ווייבעל מיט פיער קינדער וויל נויטיג זעהען דעם רעדאקטאר.

— וואס איז? — פרעגט דער רעדאקטאר ביי דער ווייבעל. אודאי אן עגונה? אייער מאן איז פון אייך אנטלאפען, הא?

— פון וואנען ווייסט איהר? — פרעגט דאס ווייבעל — ווער האט דאס אייך געזאגט? — יא, ער איז אנטלאפען, דער שארלאטאן, דער שאלטיק, און מיך איבערגעלאזט מיט פיער קינ־דער. וואס זאג איך קינדער? מזיקים זיינען דאס, נים קיין קינדער! אבער מיינט נים, מיסטער רעדאקטאר, אז דאס זיינען מ י י נ ע קינדער, נאוסער! דאס זיינען ז י י נ ע קינדער, פון דער ערשטער פרוי. איך בין שוין ביי איהם, קיין עין־הרע, די צווייטע פרוי. מענשען זאגען, אז איידער ער האט חתונה געהאט

מיט זיין ערשטער פרוי, האט ער געהאט אן אנדער פרוי. איצט איז ער אנטלאפען מיט אן אשת איש... וויל איך ביי אייך א פרעג טהאן: ערשטענס, וואו מיין מאן געפינט זיך; צווייטענס, ווען דענקט איהר, וועט ער צוריקקומען; דריטענס, ווי רופט מען די אשת איש און פערטענס, וויל איך אייך בעטען, אז ביז מיין מאן וועט צוריקקומען, זאלט איהר דערווייל צונעהמען פון מיר די פיער מזיקים און זיי האדעווען...

האט איהר דער רעדאקטאר געזאגט, אז ער איז ניט דער רעדאקטאר...

איז דאס ווייבעל מיט די פיער מזיקים אוועק און איך האב ווידער גענומען לעזען מיין מעשה'לע... אבער באלד האבען אנ־געהויבען קלינגען אלע טעלעפאנען מיט איין מאל. דער רעדאק־טאר האט גענומען ארומלויפען פון א איין טעלעפאן צום צווייטען ווי א צומישטער, א צודולטער!

און וואס מיינט איהר, האבען די מענשען ביים טעלעפאן געפרעגט דעם רעדאקטאר? איינער האט געוואלט וויסען ווען עס פאלט אין אמעריקא שבת הגדול; א צווייטער — אויב מען קען מיט בענזין ארויסנעהמען א פלעק פון דער משפחה; א דריטער, האט געוואלט דורכ'ן טעלעפאן איבערלעזען פאר דעם רעדאקטאר א דראמא פון 5 אקטען מיט א פראלאג, עפילאג, מאנאלאג, דיאלאג און א נעקראלאג.

די דראמא איז טאקע פון דעם דראמאטורג'ס אייגענעם לעבען.

האט דער רעדאקטאר באלד א כאפ געטהאן דאס שערעל און איבערגעשניטען דערמיט אלע דראטען פון די טעלעפאנס און אנ־טלאפען פון רעדאקציע.



## פּאָעזיע און פּראָזע.



ר איז א פּאָעט און זי איז א פּשוט'ע דיענסט־מיי־דעל.

ער קען אכט שפּראַכען און זי קען בלויז אידיש.

ער איז א הויכער מיט שווארצע האָר, און זי איז א נידעריגע מיט בלאָנדע האָר.

ער איז א נאַר און זי איז א קלוגע, כאָטש זי איז א דיענסט־מיידעל, און ער איז א בהמה, כאָטש ער איז א דיכטער.

זיצען זיי ביידע אין פּארק.

דער דיכטער וויל אנשפּארען זיין קאָפּ אויף איהר אקסעל, אָבער זי לאָזט זיך ניט; ניט שעהן, זאָגט זי, פאַר פרעמדע מענשען.

נעהמט ער איהר האַנד אריין אין זיינער, זאָגט זי: „ניט איצט, נאָך דער חתונה“.

נעהמט ער זיך שפּיעלען מיט איהר בלאָנדע צעפּ, זאָגט זי: „מאַכט זיך ניט משוגע“.

וויל ער איהר געבען א קוש, דרעהט זי אוועק איהרע ליפּען און זאָגט: „ניט איצט. שפּעטער. נאָך דער חתונה...“

זעהט ער, אז זי איז אַן עקשן'טע, בעשליסט ער געהן מיט פּאָעזיע...

ז אָ ג ט ע ר: — אייערע אויגען זיינען ווי צוויי בלויע הימלען.

ז אָ ג ט ז י: — ווען רעכענט איהר קויפען פאַר מיר א דיימאַנד רינג?

ז א ג ט ע ר: — אין אייערע בליקען שפיגלען זיך יונגע מלאכים.

ז א ג ט ז י: — ווען שרייבען מיר תנאים?

ז א ג ט ע ר: — אייערע ליפען זיינען רויטער ווי רויטע רויזען.

ז א ג ט ז י: — מע'דארף מאכען א סוף און חתונה האבען.

ז א ג ט ע ר: — אייער שמייכעל איז פריש ווי דער פריה־לינג.

ז א ג ט ז י: — די חתונה קען זיין א פריוואט חתונה.

ז א ג ט ע ר: — אייער אטהעם איז פארפיום, אייער גאנג איז א ליעד, אייער שטימע — מוזיק.

ז א ג ט ז י: — עס דארף ניט קאסטען קיין סך: דריי דאָ־לאר א חופה, צוויי דאלאר דעם שמש און פינף דאלאר דעם מסדר קדושין.

ז א ג ט ע ר: — אייערע צעפ זיינען גאלדענע זונען; א קעניגין האט ניט אזעלכע צעפ.

ז א ג ט ז י: ווייטער דארף מען בלויז צוגרייטען צוהאקטע הערינג מיט ציבעלעס, א ביסעל בראנפען, קייק און א ביסעל פרוכט.

ז א ג ט ע ר: — אייערע ציינער זיינען ווי זעלטענע פערל און אייער האלז איז ווייס ווי געפאלענער שנעע.

ז א ג ט ז י: — איך וועל בלויז פארבעטען דעם פעטער אשר מיט דער מוהמע חיה און די מוהמע'ס צוויי שוועסטער און מיין געוועזענעם מיסטער פון ברום סטריט און מיין שוואגער דעם בייסטער.

ז א ג ט ע ר: — איהר זייט שעהנער ווי שולמית, די גע־ליעבטע פון שלמה המלך.

ז א ג ט ז י: — ווייטער וועלען מיר נעהמען א פאר רומ־קעס ערגעץ לעבען העסטער פארק, און א ביסעל פארניטשע אויף אפצאהלען און דאטסאל.

ז אַ ג ט ע ר: — אָהן אייך איז מיין לעבען ניט ווערטה אַ גראָשען, איך ווער משוגע פאַר ליעבע...

ז אַ ג ט ז י: — ווייטער קען מען אריינגעהמען אַ באָרדער אין הויז וועט זיין אַ קאָפּ גרינגער צאָהלען די רענט.

ז אַ ג ט ע ר: — אָבער דאָ האָט ער דערזעהן פון ווייטענס אנקומען זיין פרוי, האט ער געכאַפּט די „פּיס אויף די פּלייצעס" און אַנטלאָפען ווי אַן אונטערגעשאָסענער...



# פון א שרייבער צו א קריטיקער.



יסטער קריטיקער!

איך אב געלעזען אין דעם „פלעדערוויש“ אייער קריטיק וועגען מיר און מיינע שריפטען, און איך זאג אייך, אז ס'וועט א רוח אין אייער טאטענס־טאטען אריין, אויב איהר וועט ניט צוריקציהען אייער קריטיק וועגען מיר!

וואס מיינט איהר אייך, וואס? ווייל איהר זייט א קריטיקער האט איהר שוין דאס רעכט מיר צו קריטיקירען? צו דערצעהלען פאר דער גאנצער וועלט, אז מיינע שריפטען טויגען אויף כפרות? אז איך קען נים שרייבען און נים ספעלען? וואס איז דאס אייערע חזיר'שע ביזנעס?

אויב איהר האט שוין יא וועגען מיין שרייבען אזא שלעכטע מיינונג, וואס־זשע דארפט איהר דיעזע מיינונג אויספויקען פאר דער גאנצער וועלט? נאך וואס דארפט איהר מיר פערשווארצען דאס פנים פאר ווילד־פרעמדע מענשען, וואס איך קען זיי נים און וויים זיי נים?

נאך וואס דארפען ווילד־פרעמדע מענשען, וואס לעזען די פייפערס, וויסען ווי איך שרייב?

און נאך וואס דארף זיך א קריטיקער מישען אין אזעלכע זאכען?

לייטישע קריטיקער, אז זיי האבען א שלעכטע מיינונג וועגען א שרייבער, אדער וועגען א שוישפיעלער, אדער וועגען א דראַמאַטורג, האלטען זיי דאס פאר זיך, און איהר געהט און דרוקט אפ אייער קריטיק אין די פייפערס, כדי די לעזער זאלען דאס לעזען.

ווען איהר האט איבערגעלעזען מיינע שריפטען און איהר האט געזעהען, אז זיי טויגען ניט, אז זיי געפעהלען אייך ניט, האט איהר מיר געקענט גאנץ שעהן אפרופען אן א זייט, קיינער זאל ניט הערען, און מיר זאגען: „מיסטער גוליע, אייערע שריפטען טויגען אין דר'ערד; סטאפט שרייבען און הערט אויף דולען א ספאדיק"... אדער איך וואלט אייך געהערט, אדער ניט. גיכער וואלט איך אייך ניט געהערט.

און אייער קריטיק, אז איך וואלט געדארפט זיין א פארסטשיק אין א רוסישע שוויץ־באד — פייף איך אויף אייך!

איהר דארפט מיר אזעלכע עצות ניט געבען; איך בין נאך עני טיים אזוי קלוג ווי איהר!

און דאס וואס איהר שרייבט, אז פרץ איז געווען א בעסע־רער שרייבער פון מיר — פייף איך אויף אייך נאך א מאל! ווארים א ליטישער קריטיקער וואַרפט גאר ניט פאר אזעלכע זאכען.

נור אזוי, צי אזוי, איהר האט געדארפט האלטען אייער שנוק און ניט דערצעהלען קיין מעשיות מיט פאטשטען. און אויב איהר ווילט אויף ווייטער זיין א קריטיקער, זאלט איהר זיך האלטען פון ווייטענס פון די שרייבער און דראמטורגען. ניט אייער עסק ווי זיי שרייבען; קוקט און שווייגט. אז מען וועט אייך פרעגען, וועט איהר דעמאלט ענטפערען.

און טאמער וועט איהר זיך ווייטער אויך מישען אין מיינע ביזנעס, און מיר וועלען זאגען ווי צו שרייבען, און מיך קריטיקירען אפען אין די פייפערס פאר ווילד־פרעמדע מענשען — איז אייער לעבען ניט ווערטה קיין אויסגעבלאזענע איי.

היט אייערע ביינער!



# דורכ'ן טעלעפאָן.



זשין—גלין—גלין—גלין!

העלאָו! ווער איז דאָס? דער רעדאַקטאָר? גוט מאָרגען, וואָס מאַכט איהר, ווי פּיהלט איהר איך געזונד? האָ? איך הער ניט! איהר ווילט וויסען ווי איך פּיהל? זעהר גוט... די ביינער ברעכען מיר, דער קאָפּ שווינדעלט, אין האַלז איז ענג, די קניע ברעכען, כ'האָב היץ... הלואי ווייטער...

— וואָס פרעגט איהר? וויפיעל גראַד היץ איך האָב? כ'ווייס ניט; כ'האָב ניט געמאָסטען; אַ דאָקטאָר וואָלט זיכער געזאָגט: „הונדערט מיט פיער גראַד" — אַלע קראַנקע האָבען ביי זיי הונדערט און פיער גראַד...

העללאָו! וואָס זאָגט איהר? איך האָב די שפּאַנישע אינ־פלוענציע? אַ דאַנק פאַר דער פרייליכער בשורה! גוד באַי... גוד באַי!... העללאָו! רעדט אַ קאַפּיטשקע שטאַרקער, אַט אַזוי — — העי! ווער איז ער דאָרט ביים ווייער? אַרונטער פון ווייער! העי, סענטראַל, עפּעס אַ אידיאָט מישט זיך אַריין אין מיין געשפּרעך; טרייבט איהם אַוועק! ווער האַקט עס דאָרט אַ טשייניק וועגען אַ זעקעל סוויט פּאַטייטאָס?

אַרונטערגעטריעבען? אַ דאַנק! העללאָו! עפּעס אַ אידיאָט האָט זיך אַריינגעמישט מיט סוויט פּאַטייטאָס...

וואָס מיינע קינדער מאַכען? אַ דאַנק גאָט, אַלע קראַנק! איינער הוסט, אַ צווייטער, ניסט, אַ דריטער קרעכצט, אַ פערטער ברענט ווי אַ פייער און די איבעריגע זיינען „עפּעס ניט מיט אַלעמען".

צי איך האב געהאט א דאקטאר? א שעהנע פראגע, כ׳לעבען! ניט איינעם נור דריי.

— וואס זיי האבען געזאגט? גאר ניט האבען זיי געזאגט. זיי האבען געזאגט אז די קינדער האבען די שפאנישע אינפלוענציע, צוגענומען ביי מיר זעקס דאלאר (צו צוויי דאלאר א וויזיט) און פארשריבען א ביסעל סינק־וואסער און — — — העי, אפערייטאר; דער איד מיט די סוויט פאטייטאס איז שוין ווידער דא; טרייבט איהם אוועק! דערלאנגט איהם אין קארק! וואס דרעהט ער היינט א היטעל מיט זיינע סוויט פאטייטאס? אלרייט, טהענק יו. העללאו! וויעדער דער אידיאט מיט די סוויט פאטייטאס.

הא? כ׳זאל שיקען, זאגט איהר נאך אן אנדער דאקטאר? א דאנק פאר דער עצה! איהר ווילט וויסען וואס מיין פרוי מאכט? זעהר גוט: זי האט אויך די אינפלוענציע! איך ווער שיער ניט בשוגע! כ׳ווייס ניט וואס פריהער צו טהאן: איהר ווילט האבען אויף מארגען א „שטיפעריי"? א פרייליך זאכעלע? אפשר קענט איהר זיך בעגעהן מארגען אהן מיין שטיפעריי? עס שטיפט זיך עפעס ניט...

— עס וועט זיך שוין שטיפען? — אלרייט, כ׳וועל פרובען; מארגען ניין א זייגער אין דער פריה וועט איהר עס האבען. גוד באי.

וואס? ניין איז צו שפעט? איהר מוזט עס האבען פריהער? כ׳וועל פרובען. אלרייט. גוד־באי!.

— גוד באי! — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האב אויפגעהאנגען דעם רעסיוועער און געבליבען שטעהן א צומישטער, א צוטומולטער; ניט געוואוסט וואס פריהער צו טהאן: צי זאל איך לויפען נאך אן אנדער דאקטאר, צי זאל איך לויפען נאך מעדיצין, צי זאל איך זיך אליין אוועקלייגען. וואס זאל איך טהאן? און דערווייל איז אין שטוב פרעהליך: מען קרעכצט, מען הוסט, מען ניסט — הכלל, איך ווער שיער ניט משוגע! און דא דערמאן איך זיך, אז איך דארף אנשרייבען א „שטיפעריי", דער עולם זאל לאכען... געה איך און בינד מיר

אַרום דעם קאָפּ מיט אַ נאַסען האַנטוך, זעץ זיך אַוועק און שרייב אַן אַ „שטיפעריי" מיט'ן נאָמען:

„דער לוסטיגער הומאָריסט".

מיט דריי שטונדען שפּעטער איז שוין די שטיפעריי געווען אַוועקגעשיקט אין דער רעדאַקציע און איך האָב זיך אַוועקגעלייגט אין בעט אַרויסגעהאַלפען מיין פּרוי קרעכצען — — — — — — — —

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט מיין טעלעפאָן ווידער געקלונגען. בין איך, אַ שוואַכער, אַ קראַנקער, אַראָנטער פון בעט, צו צום טעלעפאָן:

— העללאָו! — האָב איך דערהערט מיין רעדאַקטאָר'ס קול.

— העללאָו! — האָב איך מעהר אַרויסגעזיפצט ווי אַרויסגערעדט — וואָס איז נייעס? בעקומען די שטיפעריי?

— יעס, זי איז זעהר אַ געלונגענע! כמעט די בעסטע וואָס איהר האָט ווען עס איז אַנגעשריעבען. איך האָב שוין לאַנג ניט געלאַכט אַזוי שטאַרק! ווי עס ווייזט אויס זייט איהר געווען זעהר פריינדליך געשטימט... די זאַך וועט מאַכען אַ גוואַלדיגען היט!

— גוד באַי!

— גוד באַי!



# געפינט ניט קיין געלד!



ויב איהר געהט אין גאס און איהר דערזעהט ליגען אין דער בלאטע דריי דאלאר, הויבט זיי ניט אויף! לאזט זיי ליגען. זאלען זיי בעסער ארייפאלען אין אנדערע הענד.

סיידען איהר געהט אליין און קיינער זעהט ניט. טאמער געהט איהר אבער מיט חברים, מיט קאלעגען, זייט איהר פערזארגט מיט צרות און גריזאטע אויף אייער גאנצען לעבען.

איך וואלט איצט ניט געפונען קיין געלד, ווען מען שענקט מיר אוועק גאנץ ניו יארק.

הערט, אדרבא, וואס מיט מיר האט געטראפען:

איינמאל זיינען מיר — איך און א חברה שרייבער געגאנגען אין גאס שפאצירען. אזוי ווי מיר זיינען געווען צוועלף אין צאהל, האבען מיר זיך איינגעטיילט צו פיער. איך בין געווען איינער פון די ערשטע פיער.

קומענדיג אין דער צווייטער עווענין, האב איך דערזעהן ליגען אויף דער ערד עהנליכעס אויף געלד. געה איך און הויב עס אויף. איך טהו א קוק — דריי דאלאר. האבען דאס מיינע דריי חברים דערזעהן. איז געווארען א געוואלד; זיינען די אונטערשטע אכט חברים אויך צוגעקומען צו אונז. האבען אלע עלף קאלעגען גע־נומען פאדערען א „טריט“. א מענש געפינט דריי דאלאר, האבען זיי גע׳טענה׳ט, דארף ער טריטען. ווען זיי וואלטען געפונען, וואלטען זיי אויך געטריט.

— וואס ווילט איהר?

— פופצעהן־סענטיגע סיגארען!

— סטיימש, איהר סמוקט דאך תמיד ביליגע פאפיראסלעך. צוויי פאר א סענט. און זעהר אפט האט איהר דאס אויך ניט, און איהר שנארט אוים א סיגארעטעל ביי אנדערע. אפשר וועט זיין געננוג פאר אייך צעהן סענטיגע סיגארען?

— ניין, נור פופצעהן־סענטיגע! — האבען זיי געפילדערט. מיר זיינען שרייבער, דיכטער, קינסטלער, מיר ווייסען וואס גוט איז.

בין איך מיט זיין אריין אין א ציגאר סטאר און זיי געטריט מיט פופצעהן־סענטיגע סיגארען.

האב איך בעצאהלט א דאלאר מיט פינף און זעכציג סענט.

פערראויכערן זיי אלע די סיגארען און מיר געהן ווייטער.

געהען מיר פארביי א קאפע. רופט זיך אפ א קאלעגע — א נייעס שרייבער: — אזוי ווי איהר האט נאך ביי זיך א דאלאר מיט פינף און דרייסיג סענט, וואלט געווען א יושר, טריטען מיט קייק און קאפע.

דאטסרייט! — האבען אלע אונטערגעשטיצט דעם נייעס־שרייבער.

און חברה האבען מיך מיט געוואלד אריינגעשטויסען אין דער קאפע און איך האב געמוזט הייסען געבען קאווע מיט קייק.

אזוי ווי אין יענעם פלאץ קאסט א קאווע מיט א קייק א קוואדער, האט מיך שוין דער עסק אפגעקאסט צוויי מיט א האלבען דאלאר. א קוואדער דעם ווייטער, האט איהר שוין צוויי דאלאר מיט פינף און זיבעציג סענט, פון פריהער א דאלאר מיט פינף און זעכציג, האבען מיר אין איינעם—פיער דאלאר מיט פינף און זעכציג סענט.

וואס זאגט איהר ניט צו מיין אומגליק? מיינט איהר, אז דערמיט האט זיך שוין געענדיגט? האט איהר א טעות.

מיינע עלף קאלעגען האבען מיך נאך ניט אפגעלאזען. איך האב זיי נאך געדארפט טריטען מיט אייז־קריעם, מיט מילך־טשאָ־קאלאד, אין מואווינג־פיקטשורס און שפעטער מיט סאפער.

הקיצור, ער האט מיך שוין אפגעקאסט אריבער נייז דאלאר

און איך בין נאך אלץ ניט פארטיג. די שרייבער פון די אנדערע צייטונגען ווילען אויך א טריט. אייגער דערצעהלט דעם אנדערען. און וואו איך קום, און וואו איך בעוויין זיך נור, הייסט מען זיך באלד טריטען.

נור טריטען!

די דריי דאלאר וועלען מיר מאכען פאר אן ארימאן. איך וועל בדלות ווערען.

אידען! וואגט ניט אויפצוהויבען קיין געלד אין גאס! איהר וועט אומגליקליך ווערען!



# א רעדאקטאָר וואָס ארבייט פאר כבוד.



ומט מיר אנקעגען א איד אויף א קוליע און א פערבאנדאזשירטען קאָפּ. איך טהו א קוק — דער רעדאקטאָר פון דעם וועכענטליכען „גולם".

— וואָס איז דאָס? — פרעג איך דעם רעדאקטאָר — אודאי ארונטערגעפאלען פון א קאר?

— ניין, ענטפערט דער רעדאקטאָר.

— אייער אידענע האָט אייך אזוי צו־ממית'ט?

— אויך ניט?

— ווער זשע דען האָט אייך געמאכט פאר א קאליקע?

— א סובסקרייבער! — ענטפערט דער רעדאקטאָר — א פשוט'ער סובסקרייבער.

— וואָס האָט איהר איהם געטהאָן דערפאר?

— גאָר ניט. ער איז באלד אנטלאָפען.

ווייסט איהר כאָטש זיין נאָמען? — פרעג איך.

— אודאי, ווייס איך! מעהר ווי דעם איינעם סובסקרייבער האבען מיר ניט. מיר האָבען געהאַט צוויי, האָט איינער חתונה געהאָט.

— אפשר — זאָג איך — איז דאָס ניט געווען קיין סובסקרייבער נאָר א לעזער?

— ניין — אָמפּערט זיך מיט מיר דער רעדאקטאָר — אונזערע לעזער קענען מיר אלע פערזענליך.

דער רעדאקטאָר האָט א זיפץ געטהאָן און ווייטער גערעדט:

— וואָס ווייסט איהר, ליעבער פריינד, וואָס איך שטעה זיך אויס פון דעם סובסקרייבער. אנומעלט ברענגט מיר דער סוב־

סקרייבער א סקיצע. זאג איך איהם, אז די סקיצע טויג נים. זאגט ער, אז איך ב'ן קיין מבין ניט; זאג איך אז איך בין יא א מבין; זאגט ער, אז איך בין א אידיאט. האב איך איהם דערלאנגט א פאטש, געהט ער און כאפט א פלעשעל מיט „מיוסליטש" און גיסט מיר אריין אין די האר. דאן האט ער מיר ארייגעשאטען אין די אויגען צומאלענעם פעפער (איך וויים גאר ניט וואו ער האט דער־טאפט צומאלענעם פעפער)... דאן האט ער מיר דערלאנגט א זעץ אין די ריפען און א קנאק איבער'ן קאפ און איז אנטלאפען... מאדנע לעזער, נור זיי פייטען זיך!

— לוינט זיך אייך כאטש דער גאנצער עסק? — פרעג איך — קריגט איהר כאטש גוטע ווײדזשעם?

— ס'מזל אויף מיינע בעלי־הבתים! — איך געה ממש אויס פאר הונגער.

— טו וואס זשע לוינט זיך אייך דער גאנצער טראבעל? ווערט אוים רעדאקטאר.

— יא, אבער נים אויף געלד שטעלט די וועלט. געלד איז בלאטע! פאראן העכערעס פון געלד: כבוד!

איך האב א קוק געטהאן אויף זיין פערבונדענעם קאפ און אויף זיין הילצערנעם קוליע און געטראכט: אמת, קיין געלד האט ער ניט; קיין ווײדזשעס קריעגט ער ניט, פאר הונגער שטארבט ער, דערפאר האט ער כבוד. כבוד מיט דעם פולען מויל...



# אידיש.



עזען מיר — איך מיט מיין חבר — אין די אידישע ציייטונגען: „א יום טוב פאר אונזער מאמע־לשון; „די אידישע שוהלע“ פייערט היינט ביינאכט דעם יום טוב פון אידיש. עס וועט דורכגעפיהרט ווערען א ליטעראַרישער און מוזיקאלישער פּראָגראַם, וואו אלע קרעפטען: די רעדנער, פאָרלעזער, זינגער, שפּיעלער און דעקלאַמאַטאָרס — וועלען מיטווירקען אין אידיש. דאָס וועט זיין א דעמאָנסטראַציע פאר אונזער מאמע־לשון; דער דאָזיגער אבענד וועט העלפען איינפלאַנצען א ליעבשאַפט צו אידיש, וואָס איז און וועט בלייבען די שפּראַך פון דאָס אידישע פאָלק.

„עס וועט אויך מיטווירקען א כאָר פון די קינדער, וואָס לערנען אין דער „אידישער שוהלע“.

„קומט אונז העלפען פייערען דעם גרויסען אידישען יומטוב!“

איבערלעזענדיג די דאָזיגע אנאָנסע, האָט דאָס הארץ מיינס גענומען טאנצען פאר פרייד.

א קלייניגקייט אידיש!

אין אידיש האָט מיך מיין מאמע געבענשט און געשאָלטען; אין אידיש האָט זי מיר ביים וויגעלע ליעדער געזונגען; פון אידיש מאַך איך א פיין לעבען און האָב פרנסה בכבוד מיט׳ן פולען מויל...

הקיצור, אידיש איז מיר ליעב און טהייער און איינגעבאַקען אין הארצען און איינגעגעסען אין דער נשמה...

געהען מיר — איך מיט מיין חבר — העלפען פייערען דעם גרוי־סען יום טוב פון „אידיש“.

זיצען מיר, און לעבען אונז רעדען אידען — רוסיש...

ווארטען מיר.

קומט ארויס דער פאַרזיצענדער און רעדט עפּעס — איז דאָס ניט קיין אידיש.

ווארט איך ווייטער.

שטעלט מען פאַר דעם פעסט רעדנער. רעדט ער. הער איך אויס זיין רעדען און פרעג מיין חבר: „ס'איז אידיש?“

„ס'איז רוסיש“ — ענטפערט מיין חבר.

ווארט איך ווייטער.

קומט ארויס אַ מיידעל מיט אַ בלאַט נאָטען אין די הענד און הויבט אַן זינגען.

הער איך.

זאָגט מיין חבר: „ס'איז דייטש, שיעלר'ס אַ זאַך“ — שווייג איך און ווארט ווייטער.

ענדיגט דאָס מיידעל זינגען, רופט מען זי ארויס נאָכאַמאָל זינגט זי נאָך אַמאָל.

„ווידער ניט אידיש“ — זאָגט מיין חבר.

— אודאי ניט אידיש — ענטפער איך. ס'קלינגט ווי איטאַ־ליעניש.

„דאכט זיך אזוי“, ענטפערט מיין חבר.

גיב איך אַ קוק אויפ'ן עולם, אפשר ניט קיין אידישער?

האָב איך אַ טעות; דווקא אידען, נור מיט רוסישע צייטונ־גען אין די קעשענעס.

קאָכט ביי מיר דאָס הארץ ווי ביי אַ גזלן, און איך הויב אַן צו מורמלען.

„זאָל זיין שטיל!“ — בעט זיך דער פאַרזיצענדער, און שטעלט פאַר אַ פאַרלעזער. איז ער אין זאָל נימאָ. שטעלט ער פאַר אַ דעקלאַמאַטאָר.

שטעלט זיך אוועק א גרינגער בחור און דעקלאמירט פון נאדסאָן און לערמאָנטאָוו.

כאַפּט זיך פון עולם אַ אידישער דיכטער ארויס און שרייט:
„אידיש! אידיש!“

וויל מען איהם אריסוואַרפען!

ווערט אַ טומעל. קריעגט מען זיך. הערט מען כאָטש אַ אידיש וואָרט...

שרייט מען פון אַלע זייטען: „סיט דאון! אָרדער! אָרדער!“

„דאָס איז ענגליש“ — זאָגט מיין חבר.

„איך ווייס“ — ענטפער איך...

שטעלט דער פּאַרזיצענדער פאַר דעם קינדער־כאָר, אום איינצושטילען דעם טומעל...

„זיי זינגען העברעאיש“ — זאָגט מיין חבר.

„איך הער“, ענטפער איך.

זינגען די קינדער אָפּ, און מען שטעלט פאַר נאָך אַ מאָל דאָס מיידעל.

קומט זי ווידער מיט דעם בלאַט נאָטען אין די הענד און הויבט אָן זינגען.

פערשפּיץ איך די אויערען און האַלט איין דעם אָטהעם.

„אידיש!“ — רוף איך אויס מיט שמחה, „זי זינגט אידיש!“

„נים געטראָפען!“ — זאָגט מיין חבר. „ס'איז גאָר פראַנצויזיש“...

הערט זיך ווידער די שטימע פון דעם אידישען דיכטער:
„אידיש! אידיש! זינגט עפּעס אין אידיש!“

„סיט דאון!“ שרייט מען פון גאַלערי; „אָרדער! שאַראַפּ!“ שרייט פון פּלאַטפאָרמע דער פאַרזיצענדער. און איך בין איהם זעהר דאַנקבאַר פאַר זיינע אויסרופונגען: „אָרדער“ און „שאַראַפּ!“ פאַרט אַ פּאָר אידישע ווערטער!...

# מיין גרויסער ערפאָלג.



חמן! נחמן! עפּעס צוויי מיידלאַך ווילען דיך זעהן!
— דערהער איך פון קיך מיין פרוי'ס שטים.
— צוויי מיידלאַך? טו שיק זיי אריין.
עס בעוויזען זיך צוויי שעהנע יונגע מיידלעך. איי־נע בלייבט שטעהן ביים טהיר האלב פערשעהמט, איהרע בליקען אריינגעגראָבען אין דער ערד ווי טרפיה'נע מע־סערס און די אנדערע טרעט צו נעהענטער צו מיר מיט אַ מין יראת הכבוד און שטאַמעלט ארוים: איהר... איהר... זייט דאָס דער... דער... מיסטער בערלזאָהן דער פאַרלעזער?
— יעס! — ענטפער איך מיט שטאָלץ.
— מיר זיינען אַ קאָמיטע פון די „פּראָגרעסיוו יאָנג מענס און יאָנג לײדיעס זעלבסט בילדונג סוירקעל", געשיקט צו אייך, אז איהר זאָלט מיטווירקען אלס פאַרלעזער ביי אונזער ליטעראַרישען אבענד, וואָס מיר ראַנגען שמחת תורה ביי נאַכט. דער צוועק איז...
— ענטשולדיגט — שלאָג איך זי איבער — עס טהוט מיר זעהר לייד אייך אָבצוזאָגען... איך... איך...
— מיסטער בערלזאָהן! איהר טאָרט אונז ניט אָבזאָגען.. ס'איז זעהר אַ נויטיגע אפעיר... דער פּראָפיט געהט פאַר אַן אָרימע ארבייטער פאַמיליע...
— יע, איך פערשטעה די וויכטיגקייט — זאָג איך — אָבער ס'איז מיר אונמעגליך... איך בין הייזעריג ווי די וואַנד...
דאָס מיידעל הערט ניט וואָס איך רייד און רעדט זיך איהרס: אַ קראַנקע פרוי מיט זעקס פיצלעך קינדער... פייגעלעך אָהן אַ נעסט... דעם פאָטער דאַרף מען אוועקשיקען אין דענווער... אבער

וועט מען איהם נאָך קענען ראַטעווען... און טאָמער חלילה זאָגט איהר אונז אָב, איז דער אבענד אַ פּליינער דורכפאַל! ווארים איהר ווייסט דאָך, אז א י י ע ר ע זאַכען נעהמען געוואלדיג אוים ביים פּובליקום!

איך זעה אז מיינע פריהעריגע תירוצים העלפען ניט, פּרוביר איך אַ נייעם תירוץ: ניין... איך קען נישט... כ'בין קראַנק... ס'וועט אויסקומען שפּעט ביינאַכט אהיים צו געהן און...

— אויב — זאָגען זיי — עס געהט וועגען דעם — וועלען מיר א י י ך אָבפיהרען, אבי קומט.

איך בין געוואָרען מילדער און געענטפערט: נו, אויב אזוי, קענט איהר מיך אַדווערטייזען!

* * *

אין עטליכע טעג ארום דערזעה איך אין אַ אידישע צייטונג אַן אדווערטייזמענט מיט גרויסע פעטע אותיות:

וואַטשט!! וואַטשט!! וואַטשט!!

ווילט איהר צוזעצט אוּן צושפּרונגען ווערען פון געלעכטער?

ווילט איהר בלייבען אָהן קישקעס פון לאַכען?

ווילט איהר, אז אַן אַדער זאָל אייך פּלאַצען אין קאָפּ?

דאַן קומט שמחת תורה ביי נאַכט אין קלינטאָן האָלל הערען דעם ג ר ע ס ט ע ן לץ פון אלע לצים, פאַרלעזען זיינע לצנישע שריפ־טען, מיט וועלכע ער האָט זיך בעריהמט געמאַכט איבעראל, וואו די וועלט האָט נאָר אַן עק. איינטריט 25 סענט (קיינע קאָלעקשאָנס). אָנפאַנג 8 אוהר שאַרפּ!

שמחת תורה אבענד —

צוקומענדיג צום האָלל, שטעלט מיך אָב אַ יונגער מאַן מיט אַ שלייפעל אין לאַץ:

— טיקעט, פּליעז!

— איך בין בערלזאָהן.

— פּליעז טו־מיטשוי, מיסטער בערלזאַן, — מאַכט ער — טיקעט!

— איך בין דער פארלעזער — זאג איך.

— טו וואו איז דער טיקעט? — פרעגט ער.

— איך דארף ניט קיין טיקעט — זאג איך.

— טו וואס־זשע נודיעט איהר? גערט זיך געזונדערהייט און פערשטעלט ניט די טהיר.

אייערע א קאמיטע האט מיך איינגעלאדען — זאג איך.

— א, איהר זיינט דאס דער ליין וואס גערט מאכען קונצען? טו גערט אריין!

ער נעהמט מיך אן ביים האנד און פיהרט מיך אריין, און פיהרענדיג מיך דורכ'ן פובליקום צום פלאטפארמע, טהוט ער מיך א פרעג: „מיסטער, וואו האט איהר אייערע „טולס"?

— וואסערע טולס?

— אויף צו מאכען די קונצען.

— וואסערע קונצען?

— וואס הייסט וואסערע?...

און אזוי ריידענדיג פיהרט ער מיך אוועק הינטער די קוליסען און רופט זיך אן צו א יונגען מאן: סעי, טשארלי, אט איז דער ליין!

א יונגער מאן, אין א שווארצען פראק מיט א ווייסער וועסט, די האר פון קאפ פערקעמט אין דער מיט מיט א סטעזשקע, פער־נייגט זיך פאר מיר — איך... איך בין — טשארלי, דער טשערמאן!..

— ווען הויבט זיך אן דער קאנצערט? — פרעג איך איהם.

— אט שוין! מיר האבען טאקע געווארט אויף אייך. מאכט זיך רעדי!

און ער איז ארויף אויפ'ן פלאטפארמע, זיך אויסגעהוסט און אנגעהויבען:

„מיינע שוועסטערן און ברידערן! וויר, די „פראגרעסיווע יאנג מענס און יאנג ליידיעס זעלבסט־בילדונג סוירקעל" בעדאנקען אייך פיר דאס גראסע צאהלרייכעס בעזוך. זי טהוען הערמיט איינען נאבעלען טהאט. אונזער הייליגע טאירע זאכטע: בנפל

אויבך אל תשמח. ווען איינער פון דער נידריגען קלאסען ליידען טהוט — מוס מען איהם די הענדע רייכען (גרויסער אפלויז). יעצט האבע איך די גראססע עהרע פאר איהנען פארצושטעלען דען בעריהמטען לץ, מיסטער בערלזאהן!"

ארויפקומענדיג אויף דער פלאטפארמע, האט אויסגעבראכען א שטורעם פון אפלאדיסמענטען. ווייסע טיכלעך און שווארצע היטלען האבען אין דער לופט געפאכעט... דער גאנצער האלל איז געגאנגען אויף רעדלעך!

און ווערענדיג זעהר גערירט פון דער שעהנער אויפנאהמע און וויסענדיג דעם צוועק פון דעם אבענד, האב איך בעשלאסען פארצולעזען עטוואס פון ארבייטער לעבען.

— פריינדע! — האב איך אנגעהויבען — איך וועל אייך פארלעזען: „די טראגעדיע פון אן ארבייטער!"

עס ווערט שטיל און איך הויב אן:

„א שרעקליכער אונגליק האט זיך אריינגעריסען אין דער שטילער נעסט פון אן ארבייטער פאמיליע. א טאטע פון זעקס קליינע עופה'לעך, איז פון א מאשין, ביי זיין ארבייט, צומאהלען געווארען אויף..."

עס הערט זיך א פייף און נאך א פייף!...

איך ווער צומישט... קוק זיך ארום. פונקט אנטקעגען מיר זיצען חברה, האלטען צו צוויי פינגער פון יעדען האנד אין מויל און — מען פייפט!...

און די דאזיגע פייפערס קריגען אונטערהעלפער און... מען פייפט און מען ניעסט, און מען הוסט. און דער טומעל ווערט שרעקליך!

דער טשערמאן שטעלט זיך אויף, טהוט א שטארקען קלאפ אין טישעל און שרייט: אינדיאנער! שטילער זאל זיין!"

עס ווערט עטוואס שטילער און איך הויב אן נאכאמאל:

„א שרעקליכער אונגליק האט זיך אריינגעריסען אין..."

„שאראפ! שאראפ! — הערט זיך פון אלע זייטען. „ארונ־

טער פון סטיידזש! טשערמאן, דערלאנג איהם אין קארק!ווארפט איהם דאס באטעל מיט סעלצער!"

און איך דערמאן זיך אן די ווערטער פון דער מיידעל ביי מיר אין הויז: „אייערע זאכען נעהמען געוואלדיג אויס ביים עולם".

ענדליך טהו איך זיך אן א כח און שריי אויס: „פריינדע, זייט שטיל, וועל איך אייך פארלעזען: „דאס פרעהליכע מיידעל מיט'ן רויטען זאקענבענדעל!"

עס ווערט מיט אמאל שטיל. דאס פובליקום זיצט מיט אן איינגעהאלטענעם אטהעם.

איך נעהם פאמעלעך בלעטערען מיינע שריפטען, בלייב שטעהן, בלעטער ווייטער. שפאר זיך אן אן טישעל, וויש זיך אפ דעם שוויים פון שטערען און רוף אויס:

— ווילט איהר הייסט דאס, דורכאויס, איך זאל אייך פארלעזען: „דאס פרעהליכע מיידעל מיט'ן רויטען זאקענבענדעל"?

— יעס, יעס! — הערען זיך קולות פון אלע זייטען.

איך טהו א הוסט... שטעל זיך אוועג אין דער נויטיגער פאזע... פערנייג זיך העפליך צום „האכגעשעצטען פובליקום" און זאג:

— האט מיר אלע א גוטע נאכט! ג

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין האלל איז געווארען א מורא'דיגער טומעל. דער עולם איז געווארען צורייצט און פרעכע וויצען זיינען געפאלען אויף מיין חשבון. איך האב בעשלאסען אויסצונוצען דעם מאמענט און זיך ארויסכאפען א לעבעדיגער.

ביים טהיר האט מיך איינער פון דער קאמיטע דערקענט און מיר דערלאנגט א קנאק אין קאפעליוש.



# א צווייטער מישא עלמאן.



ען מיסטער פיטערפעסעל מיט זיין פרוי האבען בעשלאסען, אז זייער זוהן יאשקע איז א וועלט בעריהמטער פידעל־שפיעלער, א צווייטער מישא עלמאן, האבען זיי באלד געדונגען בענדורע'ס ליריק האלל און אדווערטייזט אין אלע צייטונגען, אז יאשקע, וועלכער „בים עלמאן'ען אין פיטעס", וועט געבען א רע טייטעל, א קאנצערט, הייסט דאס, און זאל דער עולם זעהן סארא שטראהלענדע זונן עס געהט אויף אויף דער איסט סייד.

דאס בילד פון דעם „צווייטען מישא עלמאן" איז ערשיענען אין אלע צייטונגען. ער איז געשטאנען גלייך ווי א סטרונע מיט'ן פידעל אונטער'ן פאכווע און געקוקט ווי א פארעווער. ווי איינער רעדט: וואס וויל מיין נארישער טאטע האבען פון מיינע יאהרען? וואס האט ער זיך איינגערעדט, אז איך בין א צווייטער מישא עלמאן?"

אבער דער טאטע האט זיך געטהאן זיינס: געבומט, גע־פויקט, געטרומייטערט אין אלע צייטונגען, אז זיין זוהן יאשקע וועט איבערראשען גאנץ אמעריקא מיט זיין פידעל, און אין איין גאנג געלאזט וויסען, אז די פידעל האט איהם אליין געקאסט זיעבען און א האלב טויזענד דאלאר אין אן אוקשען. אזוי דארף זי קאסטען אכט טויזענד דאלאר.

אז דער טאטע האט שוין געהאט פערזארגט אלע אנאנסען אין די צייטונגען, האט ער געשיקט רופען צו זיך דעם בעריהמטען אידישען מוזיק־קריטיקער, קלמן זלמן.

אז דער קריטיקער איז געקומען, האט מען איהם צוערשט

מכבד געווען מיט ניס און איינגעמאכטס און דאן איז מיסטער פיטערפעסעל ארויס מיט לשון:

איך האב געשיקט נאך אייך, ווייל איך וויל פון אייך האבען אן ארטיקעל וועגען מיין זוהן. איהר מוזט בייוואויגען דעם רע־סייטעל אין באנדורע'ס ליריק האלל, און שרייבען א קריטיק. אבער א קריטיק, עס זאל סמאליען א וועלט! עס זאל א נעהם טהאן, א צופ טהאן פאר דער נשמה! איהר מוזט בעווייזען, אז מיין יאשקע איז צוויי מאל אזוי גרוים ווי מישא עלמאן און דריי מאל אזוי גרוים ווי פריץ קרייזלער. דערפאר וועט איהר קריגען צעהן דאלאר קעש־מאני.

— צעהן דאלאר? — האט דער קריטיקער איבערגעפרעגט — פאר אזא לויב־געזאנג קריעגט מען ביי לייטען הונדערט דאלאר.

— איך קען ניט מעהר — ענטפערט מיסטער פיטערפעסעל. איך בין ניט קיין ראטשילד און קיין ראקעפעלער אויך ניט. נאר גאר ניט. איך וועל אייך געבען פופצעהן דאלאר און רעדט ניט.

— פינף און צוואנציג! — האט זיך ארויסגעכאפט דער קרי־טיקער — פינף און צוואנציג איז אויך ביליג ווי בארשט.

מיסטער פיטערפעסעל האט זיך א קראץ געטהאן אין קאפ און געזאגט:

— אלרייט! — איהר קריגט דאס געלד, אבער מיט א תנאי: איך זאל דורכקוקען די קריטיק איידער איהר גיט זיי אריין אין צייטונג; צווייטענס, זאל דאס ארטיקעל ערשיינען אויף מארגען נאך'ן רעסייטעל. אזוי ווי דער רעסייטעל קומט אוים דעם צוועלפ־טען זאל דאס ארטיקעל ערשיינען דעם דרייצעהנטען.

— אבגעמאכט!

מיסטער פיטערפעסעל האט דעם קריטיקער געגעבען א דע־פאזיט.

דעם דרייצעהנטען איז ערשיענען די קריטיק... דער קריטי־קער האט געלויבט ביז'ן הימעל אריין דעם נעכטיגען רעסייטעל פון דעם יונגען פיטערפעסעל.

„באנדורע'ס ליריק האלל" — האט דער קריטיקער געשרי־

בען — „איז געווען פול ווי אן אויג. טויזענדער מענשען זיינען אוועק־געגאנגען, ווייל עס איז פאר זיי מעהר קיין פלאץ ניט געוועזן. צעהן און פופצעהן דאלאר א טיקעט האט מען געוואלט צאהלען. היינט דאס שפיעלען פון דעם „צווייטען מישא עלמאן" האט בע'כשופ'ט יעדען איינעם. מען איז געזעסען און זיך געבאדען אין א ים פון געטליכע מענער. די בעגייסטערונג איז געווען אזוי גרויס, אז מען האט דעם יונגען פאגאניני'ן בעווארפען מיט בלומען. נאכ'ן שפיעלען האט מען איהם ממש ארויסגעטראגען פון האלל. דער יונגער פיטערפעסעל וועט קירצליך בעשיינען דאס גאנצע יודענטהום!"

דיעזע קריטיק איז ערשיענען אין א ציימונג לעבען דעם עדיטאריעל. און אין דעם זעלבען טאג (דאס הייסט דעם דריי־צעהנטען), איז אויפ'ן פראנט פיידזש ערשיענען דאס פאלגענדע שטיקעל נייעס:

באנדורע'ס ליריק האלל אוועק מיט'ן פייער!

נעכטען, דריי א זייגער נאכמיטאג איז באנדורע'ס ליריק האלל אבגעברענט געווארען. פון דער גאנצער געביידע האט זיך אבגעשטעלט א בארג אש. צוליעב דעם פייער, איז דער רעסייטעל פון דעם יונגען פיטערפעסעל אבגעלייגט געווארען אויף אן אונבעשטימטע צייט.



# מנשה דער פאַרלעזער.



נשה פליאסק, דער בעריהמטער פאַרלעזער און דערקלאַמאטאַר, איז אהיים געקומען פון אַן אונטערנעהמונג מיט אַ בייל אויפ'ן שטערן און מיט אַן אונטערגעשלאַגען אויג.

זיין מיסעס, וואָס ביי איהר איז דאָס קיין נייעם ניט געווען (ווייל ס'איז ניטאַ די וואָך מען זאָל מנשה'ן ניט מאַכען פאר אַ קאַליקע), האָט באַלד גענומען אַ מעסער, צוגעפרעסט מנשה'ס בייל און ארומגעבונדען זיין שטערן מיט אַ נאַסען האנדטוך.

נאָכדעם איז מנשה אריין צו זיך אין צימער, אַ קוק געטהאָן אין שפּיגעל, בעטראַכט דאָס אונטערגעהאקטע אויג און זיך געקלעהרט: אַ געוואלד, וואָס דאָס ארימע אויג שטעהט זיך נעבאַך אוים אויף די וויסטע פאַרלעזונגען! אַז דאָס אויג האַלט זיך נאָך ביי מיר, איז עס שטארקער פון אייזען!

דאַן האָט ער ווידער בעטראַכט דאָס אונטערגעהאקטע אויג אין שפּיגעל און געזאָגט צו זיך אליין:

— פע! מיאוס, זעהר מיאוס, ווען איין אויג איז בלאָה און ס'אנדערע נים. אויגען דארפען זיין גלייך: אָדער וויים, אָדער בלאָה. ווען מיין מיידעל פעני זאָל דאָס זעהן, וואָלט זי געלאכט פון מיר.

נאָר דאַ דערמאָנט ער זיך, אַז פעני ליעבט שוין אַן אנדערען. אויך אַ פאַרלעזער. אַ מאָדנע מיידעל, די פעני! נאָר זי שלעפט זיך ארום מיט פאַרלעזערם!

ער פערשליםט די טהיר, דרעהט אוים די גאַז, לייגט זיך אריין

— אין בעט און קרעכצט: אוי, מיין קאָפּ! אוי, מיין אויג! אַזעלכע היצעלס, אַזעלכע מערדערס! געמאכט זיך אַ מאָדע צו שלאָגען! ס׳געפעלט אייך ניט מיין לעזען, מיינע דעקלאַמאַציעס, הויבט מען זיך אויף און מען געהט אַהיים. אָבער ניט אונטער־האַקען אַן אויג, מאכען אַ בייל. זיי מיינען, אַז ס׳טהוט ניט וועה, מיינען זיי.

און אַזוי ליגענדיג און קרעכצענדיג, האָט מנשה פערמאכט די אויגען, און פערשיעדענע בילדער האָבען גענומען אויפלעבען אין זיין זכרון.

אַט דערמאָנט ער זיך זיין ע ר ש ט ע פאָרלעזונג ביי די „גראשיצינער לאַנדסלייט“. דאָרט האָט מען איהם אַרויסגעפיהרט פון האַלל פאַר אַן אויער — —

דאַן קומט איהם אויפ׳ן זינען די צווייטע פאָרלעזונג אין שמעלקעס האַלל. דאָרט האָט מען איהם צוערשט איינגעשמירט דאָס פּנים מיט סאַזשע, דאַן אַ שנעל געטהאָן אין נאַז און צולעצט — אָבגעגאָסען מיט אַ קרוג וואַסער.

און ביי די טאָרנאָפּאָלער איז דען געווען בעסער? דאָרט האָט איהם דער טשערמאַן געסטראַשעט מיט׳ן טויט אויב ער וועט ניט סטאָפּען די פאָרלעזונג... אויב ער האָט קיין טעות ניט, האָט ער דאַן פאָרגעלעזען האַרקאַווי׳ס „ווערטער־בוך“. האָט עס דער עולם ניט געוואָלט הערען. עס איז אַ גאַנץ גוטער בוך — האָט דער עולם גע׳טענה׳ט — נור ניט צום פאָרלעזען. האָט ער געהאַט דעם עולם אין דר׳ערד און ווייטער געלעזען; האָט איהם דער טשערמאַן אַ ציה געטהאָן פאַרן פּאָלע, האָט ער זיך ניט וויסענדיג געמאכט; האָט איהם דער טשערמאַן אַ שלעפּ געטהאָן פאַר אַן אַרבעל, האָט ער זיך ווידער ניט וויסענדיג געמאכט; האָט איהם דער טשער־מאַן אַ שטאָך געטהאָן מיט אַ שפּילקע, האָט עס אויך ניט געהאָל־פען; האָט איהם דער טשערמאַן דערלאַנגט אַ שטורך מיט׳ן האַ־מער, האָט ער שוין פערשטאַנען אַז מען מוז סטאָפּען...

ער דערמאָנט זיך אויך די מפּלה וואָס ער האָט געכאַפּט ביי

די באריכלאיוער. דארט האט מען איהם אין גאנצען ניט געוואלט אריינלאזען אין האלל. האט ער געמיינט, אז מען ווייסט ניט ווער ער איז; האט ער גענומען שרייען הויך אויפ'ן קול: „איך בין מנשה! מנשה דער פארלעזער! מנשה דער דעקלאמאטאר; דער וועלט בעריהמטער מנשה!"

האט איהם דער טהיר־שטעהער ארונטערגעווארפען פון די טרעפ. האט ער זיך גאנץ שעהן אויפגעהויבען און איז ווידער צו־געקומען צום טהיר, האט מען איהם ווידער ארונטערגעווארפען; א גליק וואס ער האט זיך געריכט אויף דעם, האט ער זיך אויס־געהיט, ער זאל ניט דער'הרג'עט ווערען.

נור דעם ערגסטען אפשניט האט ער אריינגעכאפט ביי די „סטויבצער יאנג מענס און יאנג ליידיעס פלעזשור קלאב". דארט האט זיך איהם פערגלוסט פארצולעזען „כשר און טרפה", פון ב. פייגענבוים. האבען די מיידלעך גענומען לאכען, כאכאטשען; און די יונגע לייט האבען געשריען „שאראפ!" איז ער געווארען אויפ־געערגט: סטייטש, ער לעזט זיי פאר אזא ערנסטע זאך און זיי ווילען נאך ניט! האט ער זיי גערופען אידיאטען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווייטער געדענקט ער ניט, וואס מיט איהם האט פאסירט. ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, האט ער זיך געפונען אין בית ישראל האספיטאל, און זיינע ביידע פיס זיינען געווען איינגע־גיפסעוועט.

אט אזוי געהט עס איהם די גאנצע צייט וואס ער איז א פארלעזער, נאר מען שלאגט, נאר מען ממית'ט!

און טאמער איז איהם נאך געווען ווינציג, האט ער היינט אהיים געבראכט פון די „קיידאנאווער" א בייל מיט א בלאה אויג.

דאן האט ער א זיפץ געטהאן: „א פארלעזער דארף זיין א גיבור, א שוואכער מענש קען דאס גאר ניט אריבערטראגען..."

# ביי חפץ׳ס קאָנצערט.



יינער א חבר האָט מיך אָבגערופען דורכ׳ן טעלעפאָן און מיר געלאָזט וויסען, אַז ער פאָהרט אין באָס־טאָן האַלטען א סעריע לעקטשורס וועגען „פאַמיליען טראָבעל״, וויל ער, אז איך זאָל דערווייל אויפפאַסען אויף זיין ווייבעל. איך זאָל „אויסגעהן״ מיט איהר, דערצעהלען וויצען און מעשה׳לאך, אַבי עס זאָל איהר זיין פרעהליך.

חוץ דעם, זאָל איך איהר „גלאט אזוי״ פערשאַפען פּלעזשור.

און אזוי ווי איך אַליין בין ניט צופריעדען פון מיין ווייבעל, האב איך מיין חבר׳ס פאַרשלאָג אָנגענומען מיטביידע הענד.

און מיין חבר׳ס ווייבעל איז טאקע א שעהנע. צעהן מאָל שעהנער ווי איהר קענט זיך פאַרשטעלען. און קיין אַלטע איז זי אויך ניט; סך הכל: דרייסיג יאַהר, נאָר אויסזעהן זעהט זי אויס ווי פינף און צוואַנציג.

אז מיין חבר האָט פערלאָזען ניו יאָרק, האב איך קיין סך ניט געטראכט און באלד אוועק צו זיין ווייבעל און איהר געפרעגט אויב זי האט צייט אויף דער נאכט צו געהן מיט מיר אין קארנעגיע האָלל.

— וואָס וועט דאָרטען זיין? — האָט זי געפרעגט.

— א קאָנצערט.

— ווער שפּיעלט?

— יאשא חפץ.

— איך וויל איהם טאקע הערען. איך גלייך זעהר זיין שפּיעלען. אכט א זייגער אין אבענד זיינען מיר שוין געזעסען אין קאר־

נעגיע האַלל. לעבען מיר איז געזעסען אַ אידישער שרייבער און לעבען מיין חבר'ס ווייבעל איז געזעסען אַ פרוי מיט וואָנצעס. מיין חבר'ס ווייבעל האָט איהר דערקענט. דאָס איז געווען אַ שכנה פון זעלבען הויז. איהר באַרדער האָט איהר געמאַכט אַ פּרעזענט דעם טיקעט. דער באַרדער אַליין איז אַוועק אין אַ טערקישע שוויץ־באַד.

אַ פּערטעל נאָך אַכט איז ערשיענען חפץ. עס איז געוואָרען שטיל און ער האָט גענומען שפּיעלען.

דער גרויסער עולם איז געזעסען ווי פער'כשופ'ט. מען האָט זיך נים פערגונען צו אָטעהמען. עס איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקענט הערען די שטילקייט אַליין... פּלוצים, הער איך ווי מיין חבר'ס ווייבעל שושקעט זיך מיט איהר שכנה. מיין איך, אַז זיי גיבען זיך שטילערהייד איבער זייער בעגייסטערונג פאַר חפץ'ן.

נעהם איך זיך צוהערען. הער איך ווי מיין חבר'ס ווייבעל זאָגט צו דער שכנה.

— די מיסעס גאָלדמאַן האָט זיך איצט געמאַכט אַ דרעס פון הימעל־בלאָהען זייד. אכטציג דאָלאַר האָט איהר אָבגעקאָסט דאָס קלייד!

די שכנה: די דרעס פּאַסט איהר גאַר נים. זי איז זעהר אַ מיאוס'ע. אַ פול פּנים מיט זומער־שפּרינקלאַך.

מיין חבר'ס ווייבעל: — איהר זעהט דאָך פונדעסטוועגען האָט זי אַ גאַנץ פיינעם מאַן. איהר האָט שוין אָרונטערגענומען די קויטענס? און וואָס מאַכט עפּעס אייער טאָכטער? זי נעהט נאָך ארום מיט'ן איטאַליענער?

שכנה: — יאָ, אָבער דער איטאַליענער וויל זיך מגייר זיין. ער ליעבט איהר זעהר.

מיין חבר'ס ווייבעל: — אין וואָס פאַר אַ קאַונטרי דענקט איהר צו פאָהרען נעקסטען זומער? ביים ים? פען... די לופט איז צו געזאַלצען. איך ליעב בעסער די מאַונ־טיינס. דאָרט איז די לופט טרוקען. יאָ, די מיסעס פינקעלשטיין

האט דאך ווידער צרות פון איהר מאן. א טהייער שטיקעל סחורה! ער איז שוין ביי איהר דער דריטער מאן...

ש כ נ ה: — טאקע? אבי איך האב געמיינט, אז ער איז איהר ערשטער מאן?

מ י י ן ח ב ר'ס ו ו י י ב ע ל: — ווייס איך וואס? זי האט דאך דרייערליי קינדער: צוויי פון'ם ערשטען מאן, איינס פון'ם צווייטען מאן און צוויי פון דעם איצטיגען מאן. אבער ער אליין איז אויך א טהייערער אויסוואורף! ער גלייכט נאר פרעמדע וייב־לאך... ער איז שוין געווען צוויי מאל ארעסטירט. יא, איהר האט דאך, דאכט זיך, געזוכט רומס? נאך וואס דארפט איהר מופען! איהר'ט דען קריגען בעסערס? אלץ איין שווארץ יאהר! די לענד־לארדס שינדען אומעטום די הויט...

ש כ נ ה: — איהר האט געהערט די נייעס? ניין? די מי־סעס גיטעלסאן האט דאך שוין ווידער געהאט א בייבי. איך זאל ניט זינדיגען מיט די רייד: יעדעס יאהר א בייבי. פעו!

מ י י ן ח ב ר'ס ו ו י י ב ע ל: — פונקט ווי די מיסעס שניצעל. זי האט אויך אלע יאהר א בייבי.

אט אזוי, ווי איהר הערט, האט מיין חבר'ס ווייבעל אבגע־פלוידערט מיט איהר שכנה די גאנצע צייט וואס חפץ האט גע־שפיעלט.

אהיים פאהרענדיג פון קארנעגיע האלל, פרעג איך מיין חבר'ס ווייבעל:

— נו, ווי איז אייך געפעלען זיין שפיעלען?

— ניט ווי אם בעסטען! — עס איז איהם היינט עפעס ניט געראטען — האט זי געענטפערט מעשה מבין...



## די ניינטע סימפאָניע.



יסטער באַלמאַן איז אַ איד מיט אַ מוזיקאַלישע נשמה.

וואו אַ קאָנצערט, אַ ריסייטעל, אַן אָפּערא, אַ סימפּאָניע, געהט ער.

און צוליעב איהם לעק איך אויך אָפּ אַ בייני־דעל. אַלע מאָנטאַג און דאָנערשטאַג טריט ער מיך מיט טיקעטס.

בעט איך איהם אַמאָל אַ טיקעט פאַר מיין פרוי, ווייל ער ניט געבען. אַז מען געהט מיט אַ פרוי, זאָגט ער, קען מען ניט האָבען קיין פערגעניגען פון מוזיק. זיי האַלטען אין אייןריידען פון סטיילס און מען קען גאָר ניט הערען.

קענט איהר דאָך אודאי מיינען, אַז ער איז טאַקע באמת אַזאַ מבין אויף מוזיק, קענט איהר ניט מיין לענדלאָרד.

אָט זיינען בעווייזע:

איינמאָל האָט ער ביי דער אָפּערא „אַאידאַ“ דערזעהן דעם גרויסען כאָר, איז ער געווען שטאַרק אין כעס אויף אַמעריקאַ.

„אהן שווינדעל“ — האָט ער בעמערקט — „געהט עס ניט“.

— וואָס פאַר אַ שווינדעל?

— איך מיין דעם כאָר, מיין איד.

וואו ליגט דאָ דער שווינדעל?

— דער שווינדעל ליגט אין דעם, וואָס זיי זינגען עקסטרא אַלע מיט אַמאָל, כדי זיי זאָלען גיכער פאַרטיג ווערען. און דאָס איינענע, זאָגט ער, איז אויך מיט דעם אָרקעסטער: וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז אַלע פידלען, קלאַרנעטען, טשעלאָס, טראָמפּייטען און קעסיל-פּויקען זאָלען שפּיעלען מיט אַמאָל?

נור גאר נים. מען נעהמט דעם עולם אויף זיבער און דאטסאל! א צווייטען מאל זיינען מיר געווען ביי פאראריעווסקי'ס א ריסייטעל אין קארנעגיע האלל. דער גרויסער עולם איז געזעסען ווי בע'כשופ'ט פון די וואונדער שעהנע טענער, וואס האבען ארויס־געשפראצט פון די קלאווישען.

און אט ווערען די טענער שטילער און שטילער און גאר שטיל, ווי דער הויך פון א זומער־ווינטעלע. און די זיסע שטילע טענער דערצעהלען א זיסען חלום, א צויבער מעשה'לע... פלוצים טהוט זיך מיסטער באלמאן א שטעל אויף בון זיץ און נעהמט שרייען: „העבער! העבער! איך האב בעצאהלט צוויי טולער פאר א טי־קעט. איך האב פיינט, אז מען קיצעלט א פיאנא!"

האט מען איהם ארויסגעווארפען פון קארנעגיע האלל.

א דריטען מאל זיינען מיר געזעסען אין עאליען האלל און געהערט פריטץ קרייזלער.

אין מיטען שפיעלען פרעג איך מיין אידען:

— מיסטער באלמאן, ווי געפעלט אייך עפעס זיין שפיעלען?

— איך גלייך איהם נים!

— פאר וואס?

— ווייל ער שפיעלט צו פאוואליע: מיט אזא קריכען וועט ער קיינמאל נים פארטיג ווערען. מישא עלמאן שפיעלט א סך שנע־לער פון איהם.

ער האט דאס ארויסגערעדט אזוי הויך, אז די מענשען ארום אונז האבען זיך גענומען שטיקען פאר געלעכטער.

נור דעם גרעסטען שפאס האב איך געהאט מיט איהם אין מעטראפאליטען אפערא־הויז.

מיר האבען געהאט טיקעטס פאר די באסטאן סימפאניע אויף א זונטאג נאכמיטאג. די סיטס זיינען געווען אייגע לעבען די אנדערע.

זונטאג פארמיטאג קומט אריין מיסטער באלמאן און זאגט מיר, אז איך מעג געהן פריהער, ער וועט קומען שפעטער. ער דארף עפעס בעזארגען.

בין איך אוועק פריהער.

דריי א זייגער האט זיך אנגעהויבען דער קאנצערט מיט בעטהאווענס „ניינטע סימפאניע“.

עטליכע מינוטען נאך דריי איז אנגעקומען מיסטער באלמאן ער האט זיך אוועקגעזעצט לעבען מיר און מיך געפרעגט וואס מען שפיעלט.

— איצט שפיעלט מען די ניינטע סימפאניע — האב איך איהם געזאגט.

— וועה איז מיר! — האט ער אויסגערופען מיט א זיפץ — מען שפיעלט שוין די ניינטע סימפאניע? מע'האט שוין, הייסט דאס, אכט סימפאניעס אבגעשפיעלט? נישקשה פערשפעטיגט!

ער האט מיר געזאגט „גוד־באי“ און זיך געלאזט ארויסגעהן.

— וואו געהט איהר?

— אהיים! וואס טויג מיר הערען די ניינטע סימפאניע, אז כ'האב די ערשטע אכט ניט געהערט.

און מיסטער באלמאן איז אוועק אהיים...



# צדוק'ס פאָנאָגראַף.



פשר צוואנציג פאסטעל־קארדס האָב איך בעקומען פון מיין פריינד צדוק, אז איך זאָל איהם בעזוכען.

צדוק איז אַ אידישער שרייבער, וואָס האָט אַ ווייב מיט דריי קינדער און אַ פאָנאָגראַף מיט פיער הונדערט רעקאָרדס.

איינמאָל, אין אַ לעדיגען טאָג, בין איך ארויסגעפאָהרען צו צדוק'ען.

ווי נאָר איך בין אריינגעקומען צו איהם און גענומען אָפּ־ציהען דעם אָטהעם, איז ער באלד צוגעגאנגען צום פאָנאָגראַף און איהם גענומען אָנציהען. דאן האָט ער אריינגעשטעלט אַ נייע נאָדעל און אַ וואונק געטהאָן מיט אָן אויג צו זיינע קינדער.

האָבען חברה באלד גענומען אָנטראָגען גאנצע בערג מיט רע־קאָרדס.

איך בין געשטאנען און בעטראַכט דעם בארג מיט די רע־קאָרדס, און אַ קאלטער שוויים האָט מיך בעגאָסען.

— צדוק, — טהו איך אַ פרעג מיט אַ צובראָכען הארץ, — וואָס דענקסטו צו טהאָן מיט די אלע רעקאָרדס?

— וואָס הייסט וואָס? — ענטפערט צדוק גאנץ רוהיג — איך וועל זיי אלע אויסשפיעלען פאר דיר. איך האָב אַ וועלט מיט זינ־גערס און שפיעלערס און חזנים. די בעסטע אין דער וועלט! איך זאָג דיר, אז דו וועסט האָבען אַ גייסטיגען פערגעניגען. מוזיק איז די שפּראך פון דער נשמה. פונקט ווי בלומען זיינען גאָטס אונטער־שריפט אויף דער ערד.

און אזוי רעדענדיג האט ער צוגעשלאָסען די טהיר און גע־
זאגט:

— איך לאָז דיך ניט ארויס פון דאנען, ביז דו וועסט ניט
אויסהערען אלע מיינע רעקאָרדס.

און באלד האט זיך שוין געהערט ווי עפּעס א חזן, מיט א
יאָלדישע שטימע, בענשט ראש חודש. און נאָך דעם חזן איז וע־
גאנגען נאָך א חזן און נאָך דעם חזן — ווידער אמאָל א חזן.

אפשר אכטצעהן חזנים!

נאָך די חזנים האט ער גענומען דערלאנגען פידלען, טראָ־
מייטערס, קלאַרנעטען, צימבלען, גלעקער, קעסעל־פּויקען, טענאָ־
רען, באריטענער, באסען, סאָפּראנאָס און לידער פון „פּינטעלע
איד" פון „ישיבה בחור" פון „גרינעם בחור", פון „עקדות יצחק",
פון „שולמית", פון „טאטע־מאמעס צרות", און פון „שמענדריק"
— א וועלט מיט זאכען!

און דערלאנגט האט ער זיי איינע נאָך די אנדערע, אָהן א
סוף: ער האט אָנגעצויגען און אריינגעשטעקט די נידעלס; די
קינדער האָבען צוגעטראָגען די רעקאָרדס און זיין ווייבעל האט זיי
ארויפגעשטעלט און געלאָזט לויפען די מאשין.

ארום פיער א זייגער פארנאכט האט מיר אָנגעהויבען שלאָ־
פען ביים הארצען און שווינדלען פאר די אויגען. באלד האָב איך
דערפיהלט א שרעקליכען קאָפּ־וועהטאָג. עס איז מיר ניט גוט
געוואָרען און איך בין געפאלען אין חלשות.

עס איז געוואָרען א געוואלד, א געפילדער: צדוק האט גע־
שריען; זיין ווייבעל האט געריטשעט; די קינדער האָבען גע־
וויינט; שכנים זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען און געהאָלפען צדוק'ען
שרייען.

נאָר איינער פון די שכנים, דוקא ניט קיין שרייבער, האט
באלד טעלעפאָנירט נאָך א דאָקטאָר. דער דאָקטאָר איז געקומען
מיר נעגעבען עפּעס צו שמעקען, און איך האָב געעפענט פריהער איין
אויג און דערנאָך — דאָס אנדערע.

דאן האט דער דאקטאר געהייסען מען זאל מיך אוועקפיה־רען אין א האספיטאל. אויב ניט, האט ער געזאגט, וועט זיין ניט פרעהליך...

האבען מיר א פאר גוטע שכנים אוועקגעפיהרט אין דעם נאָ־הענטסטען האספיטאל. אבער אין האספיטאל איז קיין פלאץ ניט געווען. „אלע בעטלעך זיינען פערנומען" — האט מען אין אפים פון האספיטאל ערקלעהרט.

— סטייטש, ווי איז דאס מעגליך? — האט מען נעפרעגט.

— עפעס איינער א צדוק האט א פאנאגראף, — האט מען געענטפערט — שיקט ער אונז צו יעדען טאג פאציענטען.

האט מען מיך אוועקגעפיהרט אין א צווייטען האספיטאל, איז דארט אויך ניט געווען קיין פלאץ. „אלע בעטלעך פערנומען".

— ווי קומט דאס?

— דאס קומט דערפון, וואס א געוויסער צדוק האט א פאנאַ־גראף. איהר פערשטעהט? אלע אונזערע פאציענטען קומען פון צדוק'ען...

האט מען מיך אוועקגעפיהרט אין א דריטען האספיטאל און — די זעלבע געשיכטע: „ניטא קיין פלאץ; אלע בעטלעך פער־נומען..."

— סטייטש, ווי קומט דאס?

— דאס קומט דערפון, וואס א נעוויסער איד מיט'ן נאמען צדוק האט א פאנאגראף און אלע אונזערע פאציענטען קומען פון דעם צדוק'ען...



# אַ קאָנצערט אין פּאַלסבורג.



יידער איך געה אייך בעשרייבען דעם קאָנצערט, וויל איך אייך לאָזען וויסען, אז נעקסטע וואָך פערלאָז איך שוין די „בערג“.

אוים קאָונטרי! אוים בלאָף־ספּרינגס!

אז איך נעהם זיך דערמאָנען, אז איך פאַל באַלד אריין צוריק אין מיין פּרוי'ם מויל אריין, ווערט מיר נמאס דאָס לעבען.

נור, ווי זאָגט איהר? אַ איד איז געוועהנט צו צרות.

איצט וועל איך אייך בעשרייבען דעם קאָנצערט פון פּאַלסבורג.

ער, דער קאָנצערט, איז געווען אדווערטייזט אויף אלע בוימער און שטיינער. וואו מען איז געוואַנגען און געפאָהרען האָט מען געטראָפען אַ „הענד ביל“ מיט די בילדער פון די פּאָרלעזערס, דעקלאַמאַטאָרס און מוזיקער.

איינטריט האָט געקאָסט אַ קוואָדער פאַר פרויען, פינף און דרייסיג סענט פאַר מענער און פוציג סענט פאַר פאַרמערס.

די האַלל איז געווען אזוי געפּאַקט, אז די פּאָרלעזערס מיט די מוזיקער, מיט די דעקלאַמאַטאָרס האָט מען ניט געוואָלט אריינלאָזען (אפילו די סטיידזש איז געווען אָנגעפּראַפּט מיט באָרדערס און פאַרמערס).

— מענשען וואָס קויפען ניט קיין טיקעטס — האָט גע'טענה'ט דער טשערמאַן — קענען שטעהן אין דרויסען. אז מ'וועט זיי דאַרפען, וועט מען זיי אריינרופען.

זיינען אלע טאַלאַנטען געשטאַנען אין דרויסען און געוואַרט, מען זאָל זיי אריינרופען.

ארום ניין אַ זייגער האָט זיך געעפענט אַ פענסטער פון האָלל, און איינער פון די מאַכערס האָט ארונטערגעשריען: „העי, מי־סטער מיט'ן פיעדעל, קומט אַרויף, האַרי־אַפּ! מען וואַרט אויף אייך!"

האָט זיך דער „מיסטער מיט'ן פיעדעל" קוים דורכגעשפּאַרט, און מען האָט איהם אַרויפגעשטופּט אויפ'ן סטיידזש. נור אַזוי ווי דער סטיידזש איז געווען בעזעצט, האָט זיך דער „מיסטער מיט'ן פיעדעל" אוועקגעשטעלט ביים ברעג, און ער איז טאַקע באַלד ארונ־טערגעפאַלען.

עס איז געוואָרען אַ געלעכטער און אַ גערודער. האָט זיך דער טשערמאַן, אַן אינטעליגענטער פאַרמער, אויפגעשטעלט און האָט געבעטען עס זאָל זיין שטיל, ווייל דער פיעדעל־שפּיעלער, האָט ער געזאָגט, איז ניט קיין רעגולאַר מוזיקער, נור אַ בעקער, און ניט גלאַט אַזוי אַ בעקער, נאָר אַ געטרייער יוניאָן־מאַן. אַי, פאַר וואָס־זשע שפּיעלט ער? ווייל דאָס געלד געהט פאַר אַ קראַנקען אידען.

דער בעקער מיט'ן פיעדעל האָט זיך צוריק אוועקגעשטעלט, אריינגעשפּיגען אין דער זשמעניע, און אַ פּיהר געטהאָן מיט'ן שמיטשיק איבער'ן פיעדעל, וועלכע האָט בלויז געהאַט צוויי סטרו־נעס. ער האָט געלאָזט וויסען, אַז ער געהט שפּיעלען „אָריענטאַל" וואָס אפרים צימבאַליסט שפּיעלט. אָבער ס'איז ארויסגעקומען גאָר אַן אַנדער זאַך. האָט דער עולם ווידער גענומען לאַכען.

האָט זיך דער בעקער, איך מיין, דער פיעדעל־שפּיעלער, פערשעהמט און ער האָט אָנגעהויבען נאָך אַמאָל. איז ווידער ארויסגעקומען עפּעס אַנדערש.

„ס'איז ניטשט דאָס" — האָט דער בעקער בעמערקט. דער עולם האָט ווידער געלאַכט.

אָבער דער טשערמאַן האָט געבעטען אַז מען זאָל אין זינען האָבען, אַז דער שפּיעלער איז ניט מעהר ווי אַ בעקער, און פאַר אַ בעקער איז דאָס גאַנץ שעהן.

דאַן האָט מען ארויפגערופען פון גאַס אַ מאַן מיט אַ לאַנגען טראָמבאָן. אַזאַ מין אינסטרומענט, וואָס אַז מען שפּיעלט אויף

איהם, דארף מען מאכען היין און צוריק מיט דער רעכטער האנד. און אזוי ווי עס איז געווען זעהר ענג, האט זיך דער מאן מיט'ן טראמבאן ניט געקענט א ריהר געבען. איז א פארמער געפאלען אויף א שכל: מען זאל עפענען א פענסטער און דער מאן זאל א ר ו י ס ש פ י ע ל ע ן אין דרויסען... האט מען געעפענט א פענסטער און דער מאן האט ארויסגעשטופט דעם טראמבאן און ארויסגעשפיעלט.

ו ו א ס ער האט געשפיעלט, ווייס איך ניט; מחמת איך האב זיך די גאנצע צייט צוגעהאלטען די אויערען איך זאל ניט טויב ווערען.

א סך פאן איז געקומען מיט'ן דעקלאמאטאר: דער דעקלא־מאטאר איז געווען זעהר א הויכער, א רעגולער טעלעגראף־סלופ! האט ער ניט געקענט ארייגגעהן אין האלל, ווייל די האלל איז זעהר נידעריג. און זעצען זיך האט ער ניט געהאט וואו, ווייל אלע סיטס זיינען געווען פערנומען, און אפטרעטען א סיט האט קיינער ניט געוואלט. איז בעשלאסען געוואָרען, אז ער זאל אין גאנצען ניט דעקלאמירען. האט זיך דער דעקלאמאטאר געפונען בעליידיגט. „אז איהר האט מיך איינגעלאדען און אדווערטייזט, מוז איך דעקלא־מירען!" — האט ער גע'טענה'ט — און ניט ווארטענדיג אויף כבוד, האט ער זיך באלד אויסגעהוסט און גענומען דעקלאמירען „דאקטאר גראן", פון דוד עדעלשטאט.

נאר אמת'דיג געלאכט האט מען, ווען דער פארלעזער, א הו־מאריסט, האט זיך אוועקגעזעצט ביי א פארמער אויפ'ן שויס (ער האט ניט געהאט וואו צו שטעהן און וואו צו זיצען), און האט ער־קלעהרט דעם פובליקום, אז ער האט פערלוירען דאס ביכעל מיט זיינע שריפטען. אויף אויסווענינג געדענקט ער גאר ניט. נאר וואס־זשע דען? ער האט ביי זיך א בריעף פון זיינע עלטערען פון יוראפ, וועט ער פארלעזען דעם בריעף.

און ער האט איהם פארגעלעזען. דער טאטע זיינער שרייבט איהם, אז ער געהט אוים פאר הונגער... די מאמע ליגט קראנק ביים עלטערען זוהן... דאס שטעדטעל איז אין גאנצען חרוב

געווארען... די אלטע שוהל איז פערברענט געווארען צוזאמען מיט 15 ספרי־תורות און טאמער איז דאס נאך נים געוועז גענוג, האט מען א פאגראם אויך געמאכט... און אז די עלטערע טאכטער האָבען די רוסישע קאזאקען פערפייניגט צום טויט; אז מען שטארבט פאר הונגער צעהן מאל א טאג, און אז גאנצע מנינים אידען קור־מען אפ וואכען לאנג מיט א לאך פון א בייגעל.

אט אזא מין בריעף האט דער הומאריסט פארגעלעזען.

דער עולם האט זיך איינגעהערט און אויסגערופען:

— אי גוט!



# א מוזיקאַלישע כלה.



יינער אַ לאַנדסמאַן, בערקע, שטעלט מיך אָפּ:

— אַי, האָב איך געכאַפּט אַ מציאה! ווען דער שדכן האָט מיר גערעדט דעם שידוך, האָט ער מיר אריינגערעכענט אין נדן, אַז זי, די כלה, איז זעהר אַן אינטעליגענטע, אַ געבילדעטע, אַ מוזיקאַלישע.

נו, האָב איך מוזיק!

זי האַלט זיך אין איין ערקלעהרען אין ליעבע. ניט אַזוי צו מיר, ווי צו די מוזיק; ניט אַזוי צו די מוזיק, ווי צו די מוזיקער...

מען הערט ניט מעהר ווי פּאַגאַניני, יאָאַכים, איסאַיע. דעם קאָפּ פאַרדורעט זי מיר! זי לעגט זיך שלאָפען מיט אַ ראַפּסאָדיע און שטעהט אויף מיט אַ סאָנאַטע.

טאָג און נאַכט הערט מען ניט מעהר ווי האַרמאָניע, מעלאָדיע, פאַנטאַזיע, האַלבע טענער, גאַנצע טענער, טעכניק, אַקאָרדען און נאָך אַזעלכע ווערטער.

אַנומעלטען זאָג איך צו איהר: מירעלע, ווילסטו אפשר געהן הערען צימבאַליסט'ען?

דערהערט דעם נאָמען צימבאַליסט, איז זי ממש ארויס פון די כלים: אָה, צימבאַליסט! ס'איז דיר גאָר אַ קלייניגקייט צימבאַליסט! ווער האָט דאָס ניט געהערט פון צימבאַליסט'ען? ער מאַכט, זאָגט מען, מעהר געלד ווי ראָטשילד. וואָס ער פערדיענט אין איין נאַכט, מאַכסטו דאָס ניט אין אַ וואָך. וואָס דען, אַרבייטען אין שאָפּ איז גוט? הלואי וואָלסטו דיך גענומען צום זעלבען טרייד וואָס צימבאַליסט! זעהסט דאָך, מענשען האָבען שכל: זיי זעהען, אַז מען קען מאַכען אַ שעהן לעבען פון פיערעל

שפּיעלען, שפּיעלען זיי פּיעדעל. פּאָלג מיך, בערקע, און נעהם זיך צום זעלבען טרייד. אז עס לוינט זיך פאר איהם, וועט זיך פאר דיר אודאי לוינען.

זאָג איך: מירעלע, איך בין שוין צו אַלט.

— עט, מאכט מירעלע אוועק מיינע רייד — פאר א מענשען מיט גוטע קעפּ איז קיינמאָל ניט צו שפּעט. די גרינגסטע זאַך אין דער וועלט איז ווערען א פּיעדעל שפּיעלער. ווארים דער עיקר אין שפּיעלען איז ניט אזוי דאָס שפּיעלען, ווי דאָס מאכען מיט די פינגער אויף די סטרונעס. דאָס איבעריגע איז שוין בלאָטע.

און אויב עס געפעלט איהר, טענה'ט זי פּונקט פערקעהרט: אז דער עיקר ביי א פּיעדעל שפּיעלער איז דאָס שפּיעלען, און דאָס מאכען מיט די פינגער אויף די סטרונעס איז א שפּעטערע מעשה. מיט דער צייט, זאָגט זי, לערענט מען זיך דאָס אויך אויס. נור נויטיג צום שפּיעלען איז דאָס ניט. מחמת דאָס מאכען מיט די פינגער אויף די סטרונעס איז סיי ווי סיי ניט מעיוז ווי אז אנ־שטעל, א פערבלענדעניש, א גדלות. מענשען זאָלען מיינען, אז אהן דעם קען מען זיך ניט בעגעהן.

דאָס איינענע, זאָגט זי, איז אויך מיט די פיער סטרונעס. דארפען דארף מען סך־הכל האָבען איין סטרונע, ניט פיער. אַי, נאָך וואָס ציהט מען ארויף פיער סטרונעס? צוליעב בעוואָ־רעניש: עס קען דאָך טרעפען, זאָגט זי, אז אין מיטען שפּיעלען זאָל לאָפען א סטרונע, בלייבען נאָך אַלץ איבער דריי; פּלאַצט נאָך איינע, בלייבען איבער צוויי. און ווען עס לאָפען אפילו דריי מיט איין קנאַק, שטעלט זיך נאָך אַלץ אָפּ איינע...

הכלל, זי האַלט אין איין ריידען וועגען מוזיקאלישע זאכען.

דעם שדכנ'ס גליק איז, וואָס ער איז פּורים צו דער סעודה געשטאָרבען...

# דער רבי האָט געהייסען פרעהליך זיין!



יך געדענק נים אויף זיכער וואו דאָס איז געווען, אָבער עס איז זיכער געווען אין א שטעדטעל.

איז דאָרטען א קאָנצערט געווען. איז דער קאָנצערט געווען שטאַרק בעזוכט פון אויסגעוועבטע חכמים, גע'גט'ע מאַנסבילען, אונגליקליך פערהייראטע מיט זייערע ווייבער, קינדער און שוויגערס.

האָט דער טשערמאַן, כמעט א ניו יאָרקער איד, פאָרגעשטעלט א פיאַניסטין, א שעהנע, סימפאַטישע מיידעל.

האָט זי געשפיעלט זעהר גוט. נאָך בעסער ווי גוט.

אָבער דאָס ליעבע פובליקום האָט פערדרעהט מיט דער נאָז. זיך געקרימט, געמאַכט א זויערען פנים.

מאַנכע האָבען געלאַכט און מאַנכע האָבען געשלאָפען מיט אָפענע מיילער.

מאַנכע האָבען גע'חלש'ט שלאָפען און נים געקענט, האָבען זיי מקנא געווען די שלאָפענדיגע.

בלויז דריי האָבען געהאַלטען צו צוויי פינגער אין מויל און גלאָט אזוי געפייפט.

פרעג איך די פייפערס:

— חברה, וואָס פאַר א פייפעניש איז אויף אייך?

— מיר פייפען אויס די פיאַנאָ־שפּיעלערין.

— פאַרוואָס?

— ווייל זי איז א בלאָנדע. א בלאָנדע קען קיינמאָל נים שפּיעלען אזוי גוט ווי א ברונעטע.

— איהר רעדט דאָך, זאָג איך, נים ווי קיין ניו יאָרקער...

זיינען זיי געווארען אין כעס און מיך געסטראשעט מיט קלעפ.

איינער איז געשטאנען נעבענאיבער מיר מיט א צוזאמענגע־לעגטער פויסט און מיר אריינגעשריען אין פנים אריין:

— אויב איהר'ט זיך ניט סטאפען זידלען, וועל איך אייך אונטערשלאגען די אויגען! וועל איך אייך ווייזען ווי צו בעליי־דיגען מענשען!

די פיאנא־שפיעלערין האט דערווייל געענדיגט, און דער טשערמאן האט פארגעשטעלט א קליין מיידעלע.

דאס מיידעלע האט גענומען דעקלאמירען ביאליק'ס „שחיטה שטאדט“.

איז געווארען א טומעל: מיר ווילען ניט הערען קיין קליינע קינדער! אז די גרויסע קענען ניט, וועלען די קינדער קענען? ניעדער מיט די קינדער! גיט אונז אפ אונזערע קוואדערס! אונ־זערע קוואדערס גיט אונז אפ!“

דא האט זיך געלאזט הערען א שטימע פון א געזונטען אידען, א בוטשער:

— אינדיאנער, פערמאכט די פיסקעס. לאזט הערען וואס א מיידעלע האט צו זאגען. שאראפ!

שרייט דער טשערמאן צום בוטשער: סידאן! מישט זיך ניט אריין. איך בין דער טשערמאן, ניט איהר!

נעהמט דער בוטשער געוואלדעווען:

— ארונטער פון סטיידזש! ארונטער, אז ניט מאך איך פון אייך קרעפעל־פלייש!

דערווייל שטעלט דער טשערמאן פאר א פיעדעל־שפיעלער מיט'ן נאמען יחיאל.

דער פיעדעל־שפיעלער האט געשפיעלט „דער רבי האט גע־הייסען פרעהליך זיין“.

אבער דער עולם האט איהם ניט געהערט. די דריי פייפערס האבען געהאלטען אין איין שרייען, אז א פיעדעל־שפיעלער וואס הייסט יחיאל קען ניט טויגען. א גוטער פיעדעל־שפיעלער דארף

הייסען יאשא, אדער סאשא, אדער מישא, אדער מאשא. קוים אבער הייסט ער יחיאל — דארף מען איהם אויספייפען...

האט זיך אריינגעמישט א אידענע מיט א צושויבערטען קאפ, וואס האט געהאט אין זיך מעהר פעדערען ווי א הוהן:

— טאקע, וואו איז דאס געהערט געווארען, אז א פיעדעל־שפיעלער זאל הייסען יחיאל? ס'איז דאך א רעגעלע שאנדע!

און דער פיעדעל־שפיעלער האט זיי געהערט ווי די קאץ אין ווייטער געשפיעלט: „דער רבי האט געהייסען פרעהליך זיין".

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מארגען האב איך געלעזען אין אן ענגלישע צייטונג, אז א געוויסער פיעדעל־שפיעלער, מיט'ן נאמען יחיאל, איז גע־הרג'עט געווארען ביי א קאנצערט.

עהרע זיין אנדענקען!



# די חד-גדיא פון א טהעאטער-קריטיק.



ער דראמאטורג דערלאנגט דעם קריטיקער א טיקעט צו זיינע א נייע פיעסע, ער זאל שרייבען א קריטיק.

א טאג פאר דער פארשטעלונג האט דער קריטיקער איבערגעגעבען דעם טיקעט צו זיינעם א פריינד, א קאסטאמער שניידער, מחמת זיין פרוי איז פלוצלונג קראנק געווארען. אבער דער קריטיקער האט אנגעזאגט זיין פריינד, דעם קאסטאמער שניידער, אז ער זאל איהם אויף מארגען איבערגעבען זיינע „איינדריקע", ווייל ער דארף שרייבען א קריטיק פאר זיין צייטונג.

עטליכע שטונדען פאר דער פארשטעלונג האט דעם שניידער'ס פרוי אנגעהויבען געהן צו־קינד, האט דער שניידער אוועקגעגעבען דעם טיקעט צו זיין בארבער און איהם אנגעזאגט, אז ער זאל איהם אויף מארגען איבערגעבען די „איינדריקע" פון דער נייער פיעסע, ווייל ער, דער שניידער, דארף די זעלבע „איינדריקע" איבערגעבען צום קריטיקער.

צוויי שטונדען פאר דער פארשטעלונג האט דער בארבער בעקומען געסט. האט דער בארבער איבערגעגעבען דעם טיקעט צו זיינעם א שכן, א הויז־קיפער, און איהם אנגעזאגט, אז ער זאל איהם מארגען פריה איבערגעבען זיינע „איינדריקע", מחמת ער דארף זיי איבערגעבען צו דעם קאסטאמער שניידער, און דער קאסטאמער שניידער דארף זיי איבערגעבען צו זיין פריינד דעם קריטיקער.

האט דער הויז־קיפער געזאגט: „אל־רייט" און איז אוועק אין טהעאטער.

אויפ'ן וועג איז דעם הויז־קיפּער געוואָרען נודנע אויפ'ן האַר־צען, נור אויף צום חלש'ען — האָט ער בעשלאָסען ניט צו געהן.

וואָס טהוט מען אָבער מיט דעם טיקעט? פאַלט איהם איין אַ געדאַנק: ער וועט דעם טיקעט אוועקגעבען צו מאַקס דעם סטריט־קלינער.

אין צעהן מינוטען ארום האָט שוין דער הויז־קיפּער איבער־געגעבען צו מאַקס דעם סטריט־קלינער דעם טיקעט, מיט דעם בע־דינג, אז ער, דער סטריט־קלינער, זאָל איהם, דעם הויז־קיפּער, באַלד אין דער פריה איבערגעבען זיינע „איינדריקע", ווייל ער, דער הויז־קיפּער, דאַרף זיי איבערגעבען צו דעם באַרבער, דער באַרבער דאַרף זיי איבערגעבען צו דעם קאַסטאָמער שניידער, און דער קאַסטאָמער שניידער דאַרף זיי איבערגעבען צו דעם קריטיקער.

ארום אַכט אַ זייגער איז מאַקס דער סטריט־קלינער אריין אין טהעאַטער און זיך אוועקגעזעצט אין אַ באָקס.

אַ פערטעל נאָך אַכט איז ארויף דער מענעדזשער אויף דער ביהנע און ערקלעהרט, אז דער הויפּט־העלד פון דער נייער פּיעסע איז ערשט מיט אַ שטונדע צוריק ארעסטירט געוואָרען פון זיין פרוי, ווייל ער וויל איהר ניט סופּאָרטען, און די פּרימאַדאָנאַ פון דער זעלבער פּיעסע מאַכט היינט אָבענד חתונה אַן אייניקעל, מוז ער דערפאַר די נייע פּיעסע אָבלעגען אויף נעקסטען שבת. היינט וועט מען אויפפיהרען אַן אַלטע פּיעסע פון דעם „גאָטזעליגען" דראַ־מאַטורג, חנא קאַלאַשע. דער נאָמען פון דער פּיעסע איז: „משה דער געלד־געבער. און אין איין גאַנג האָט ער אויך געבעטען דאָס „הויכגעשעצטע פּובליקום", עס זאָל סטאַפּען קנאַקען ניסלאַך און עסען סענדוויטשעס, און זיך צוהערען צו דער פּיעסע ווי אנשטענ־דיגע מענשען מיט שכל.

דאָס „הויכגעשעצטע פּובליקום" האָט דעם מענעדזשער פיין אַפּלאָדירט און —

די פּיעסע האָט זיך אָנגעהויבען שפּיעלען.

מאַקס דער סטריט־קלינער איז געזעסען אין באָקס, און גע־

טרייעט כאפען, ווי ווייט מעגליך, דעם אינהאלט. אבער — אומ־זיסט!

דער סטריט־קלינער האט איינגעשלאפען און עס האט זיך איהם גע'חלום'ט, אז ער האט געקויפט א נייעם בעזים...

ביים פיערטען אקט האט איהם שוין אן אשער אויפגעוועקט, און איהם געהייסען אהיים געהן שלאפען...

אויף מארגען פריה האט מאקס דער סטריט־קלינער איבער־געגעבען זיין חלום צום הויז־קיפער, און דער הויז־קיפער האט איהם איהם איבערהגעגעבען צו דעם בארבער, און דער בארבער — צו דעם קאסטאמער שניידער, און דער קאסטאמער שניידער — צו דעם קרי־טיקער. און יעדער בעזונדער האט עטוואס צוגעלעגט, עטוואס גע־ענדערט... פון בעזים איז געווארען א פרעזידענט פון א לאדזש... פון דעם מיסטבארעל — א טערקישער פאלאץ...

און דער קריטיקער האט זיך בענוצט מיט דעם דאזיגען מא־טעריאל און אויפגעשריבען פאר זיין צייטונג אן „אויספיהרליכע קריטיק“ איבער דער נייער פיעסע, וועלכע איז גאר ניט געשפיעלט געווארען...



# פערקויפט אַ טהעאַטער-שטיק.



ער בעריהמטער דראמאטורג סומאַטאַכע, וואס האָלט זיך פאר דעם „אידישען איבסען“, האָט געענדיגט אַ פיעסע און זי אוועקגעטראָגען צו אַ טהעאַטער מענעדזשער.

דער טהעאַטער־מענעדזשער האָט צוגענומען די פיעסע און געהייסען דעם דראמאַטורג קומען אין אַ וואָך ארום, וועט ער איהם געבען אַן ענטפער.

אין אַ וואָך ארום, אַז דער דראמאַטורג איז געקומען נאָך דעם ענטפער, האָט איהם דער טהעאַטער מענעדזשער אונטערגערוקט אַ שטוהל ער זאָל זיך זעצען.

אַז דער דראַמאַטורג האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט זיך צווישען זיי אָנגעהויבען דער דאָזיגער געשפרעך:

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — די ליעדלאַך אין אייער דראמא גע־פעלען מיר נים.

ד ר אַ מ אַ ט ו ר ג: — מען קען זיין ארויסוואַרפען.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — און דער קאָמיקער געפעלט מיר אויך נים.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — איהם קען מען אויך ארויסוואַרפען.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — און דער פראָלאָג איז אין גאַנצען איבעריג.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — איך דענק אויך אַזוי.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — וואס־זשע זאָל מען טהאָן מיט איהם!

ד ר א מ אַ ט ו ר ג: — דאָס איינציגע וואס מיט'ן קאָמיקער: אַרויסוואַרפען!

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — און דאס אלטע פּאַרל ברענגט אונז קיין נוצען ניט.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — זיי קען מען געווים ארויסוואַרפען! ווער קעהרט פאר אן אלט פּאַריל?

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: דער אנהויב פון ערשטען אקט איז דאכט זיך אין גאנצען אן איבעריגער.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — נעהמט מען און מען ווארפט איהם ארויס.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — און דער סוף פון צווייטען אקט, דענק איך, איז אויך איבעריג.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — וואס זשע האָט איהר מורא פאר'ן סוף? מען נעהמט איהם אן פאר אן אויער און מען ווארפט איהם ארויס. דער עולם וויים דען וואס פאר א סוף דער אקט דארף האָ־בען? איהר זייט דער מענעדזשער, איהר גיט געלד, איהר זייט דער מבין און איהר האָט דאס רעכט ארויסצוּוואַרפען די גאנצע דראמא מיט'ן פּובליקום צוזאמען!

מ ע נ ע ד ז ש ע ר (א ציה טהוענדיג דעם גראָבען סיגאר): — און דעם פערטען אקט וועלען מיר מאכען פאר דעם דריטען.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — ס'וועט ניט שאדען.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — און דעם דריטען אקט וועלען מיר אין גאנצען איבערמאכען. ער דארף זיין לעבעדיגער.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — איך דענק אויך אזוי. דער אקט איז טאַקע א טויטער.

אין א וואָך ארום:

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — מיסטער סומאַטאָבע, למאי זייט איהר נעכטען אבענד ניט געוועזן ביי די ערשטע אויפפיהרונג פון אייער פּיעסע?

ד ר א מ א ט ו ר ג: — איך האָב מורא געהאט, אז דאָס פּובליקום וועט מיך ארויסרופען, מיר מאכען אוואציעס, צווינגען צו האלטען א רעדע, און דאָס האב איך פיינט. איך האָב אזא

סארט כבוד. אונזערע מענשען דארפען דאס ניט; זייערע פיעסען רעדען פאר זיי.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — דער עולם האט זעהר געלאכט ביי אייער דראמא. ער איז שיער ניט צוזעצט געווארען!

ד ר א מ א ט ו ר ג: (מיט א שטראהלענדען פנים): — אויב אזוי האב איך א פלאן.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — וואס פאר א פלאן?

ד ר א מ א ט ו ר ג: (שמאלץ): — מיין פלאן איז, אז מען זאל אויף דער צווייטער וואך אדווערטייזען אין אלע צייטונגען און אויף די פאוסטערס, אז דאס איז ניט קיין ד ר א מ א, נאר א ק א מ ע ד י ע...

מ ע נ ע ד ז ש ע ר (בעגייסטערט): — מיסטער סומאטאכע, איהר זייט א זשעני! א גאון! א צווייטער שעקספיער!

ד ר א מ א ט ו ר ג: (א גליקליכער): — איהר שפיעלט זיך עפעס מיט מיר!

אויף דער צווייטער וואך איז שוין די דראמא פון יאקעל סור־מאטאכע געווען אדווערטייזט אלס א קאמעדיע.

אנהויב צווייטע וואך:

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — מיסטער סומאטאכע, אייער פלאן איז קיין פלאן ניט; ער ארבייט ניט. נעכטען אבענד האט שוין דער עולם ניט געלאכט, נאר געוויינט; געוויינט מיט ביטערע טרעהרען... א רעגולאר יום כפור איז געווען אין טהעאטער. פיער ווייבער האבען גע'חלש'ט.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — האב איך ווידער א פלאן!

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — לאמיר הערען.

ד ר א מ א ט ו ר ג: — מיין פלאן איז, אז מיר זאלען ווי־דער ענדערען די אדווערטייזמענטס: אנשטאט א ק א מ ע ד י ע זאל עם הייסען א ט ר א ג ע ד י ע.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — איהר זייט א גאט, ניט קיין מענש!

ד ר א מ א ט ו ר ג: —אלע קריטיקער זאגען דאס. זיי פער־גלייכען מיך מיט די גרעסטע דראמאטורגען פון דער וועלט. ערשט

מיט א האלב יאהר צוריק האט איינער פון די גרעסטע קריטיקער בעהויפטעט, אז איך בין דער אריגינעלסטער דראמאטורג ביי אידען.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — איך האב דאס געלעזען.

ד ר א מ א ט ו ר ג (שטאמעלט): — מי... מי... מי... סטער מענעדזשער... אי... אי... איך האב געוואלט בעטען א... א...פאר דאלאר... איהר ווייסט דאך, אז איך (ווערט א ביסעל דרייסטער): איהר ווייסט דאך, אז איך בין ניט קיין גביר... מע'קען זאגען אן ארימאן... דער יקרות איז גרויס... א פאמיליע איז דא... אפשר... כ'וויים... מיר זיינען דאך עפעס מענשען... ניט אזוי?

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — מיסטער סומאטאכע, איהר רעדט ווי א יאלד! דאס וואס איהר קריגט דורך אונז א גרויסען נאמען איז ביי אייך גאר ניט? און דאס וואס מיר האבען אייך געראַ־טעוועט אייער פיעסע, געמאכט פון איהר א לייט, איז ביי אייך גאר ניט?

ד ר א מ א ט ו ר ג: (מיט א רחמנות פנים): — גיט מיר כאטש א פופציגער...

מ ע נ ע ד ז ש ע ר (מיט א שמייכעל): — וואס פאר א ווער־דע האט היינט א פופציגער? א שפיי! אט איז ער דא, און אט איז ער — פיי!

ד ר א מ א ט ו ר ג: — גיט מיר כאטש א צעהנעריל.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: — וועל, איך זעה דאך שוין, אז איהר זייט א נודניק. א נגע. טא נאט אייך א צעהנעריל און וויינט ניט. איך האב פיינט, אז א דראמאטורג וויינט...

— — — — — — — — — — — — —

נאך דער דאזיגער סצענע מיט'ן מענעדזשער איז דער בע־ריהמטער דראמאטורג, דער „אידישער איבסען", געזעסען אין דער ליטעראַרישער קאפע און זיך בעריהמט פאר זיינע קאלעגען, אז ער נעהמט פאר זיינע פיעסען די העכסטע פרייזען. וויפיעל ער בעט, אזוי פיעל קריגט ער... הייסט דעם רעספעקט וואס מען האט פאר איהם! די מענעדזשערס ציטערען פאר זיין דוך!

די קאלעגען האבען זיך איבערגעוואונקען מיט די אויגען און געשמייכעלט. און דער דראמאטורג האט געענדיגט:

— און דער עיקר וואס איך האב אויסגעפיהרט ביי די טהעאטער מענעדזשערס איז: ניט צו טשעפען מיינע א ווערק. אזוי ווי איך שרייב אז א פיעסע, אזוי מוז זי אויסגעפיהרט ווערען! קיין ווארט, קיין זילבע, ווערט ניט געטשעפעט!...



# א טהעאטער מעשה'לע.



[...]יט יאהרען צוריק איז צאלקע געווען א גרויסער בריה [...]נאכצומאכען ווי א פערד הירזשעט, ווי א קאץ מיאקעט, ווי א הונד בילט, ווי א טהיר סקריפעט, ווי א האהן קרעהעט און ווי א באהן פייפט.

דאס אלעס האט איהם אזוי בעריהמט געמאכט, אז א חזן האט איהם צוגענומען פאר א משורר.

איז ער אפגעווען ביים הזן דריי יאהר, אוועק אין אמעריקא און דא איז ער אליין געווארען א חזן.

האט ער זיך, דורך א צופאל, בעקענט מיט א מענעדזשער פון א אידיש טהעאטער און באלד האט צאלקע אויפגעגעבען דאס חזנות און איז געווארען א אידישער עקטער. אן עקטער מיט אלע קליפערלעך.

אלס א שוישפיעלער האט ער געמאכט א גרויסען „היט". ער איז באלד געווארען שטארק בעריהמט, און בעקומען א ים מיט פאטריאטען.

אבער ליידער האט זיין גרויסקייט לאנג ניט אנגעהאלטען: דער מענעדזשער האט איבערגעגעבען דאס טהעאטער צו אן אנדער מענעדזשער, און דער צווייטער מענעדזשער האט איהם, צאלקע'ן הייסט דאס, ארונטערגעווארפען פון זיין גדולה: ער האט איהם גענומען געבען קליינע ראלען און צאלקע איז געווארען א ו י ס צאלקע. זיינע פאטריאטען האב איהם פערלאזען. זיי האבען גע־נומען פאטשען בראווא פאר אנדערע „סטארס" און חוזק מאכען פון זייער אמאליגען „קעניג פון די עקטערס".

צעהן יאהר האב איך צאלקע'ן ניט געזעהן.

איין מאל בין איך פארבייגעגאנגען בעקסטער סטריט, זעה איך עפעס א בעקאנטער איך שטעהט אין דרויסען און שלעפט אריין מענשען אין א סטאר פון אלטע קאלאשען.

איך טהו א קוק אויפ'ן אידען — ס'איז צאלקע! צאלקע מיט די בייגער!

בלייב איך שטעהן א געפלעפטער; איך גלויב מיינע אויגען ניט; ווי קען דאס מעגליך זיין — טראכט איך — אז צאלקע, דער משורר, צאלקע דער חזן, צאלקע דער שוישפיעלער, זאל אריינ־שלעפען מענשען אין א סטאר פון אלטע קאלאשען?

— סטייט, צאלקע, האב איך איהם געפרעגט, ווי קומט איהר אהער?

— איך האב דא א סטארקע מיט אלטע קאלאשען — האט מיר צאלקע אנגעוויזען אויף א סעלער וואס ער רופט אן „סטארקע".

— ווי קומט איהר אבער צו האנדלען מיט קאלאשען? איהר זייט דאך גאר געווען אן עקטער?

— די לעצטע עטליכע יאהר האט מיך דער עולם ניט גע־ליעבט. ווען איך האב זיך נור בעוויזען אויפ'ן סטיידזש, בין איך באלד בעווארפען געווארען מיט פוילע אייער, עפעל, באנאנעס, ציבעלעס, — און גאר די לעצטע צייט מיט אלטע קאלאשען. מילא, מיט די אייער און עפעל און די אנדערע ארטיקלען האב איך גאר ניט געקענט מאכען. אזעלכע ארטיקלען לאזען זיך ניט בעהאלטען. אבער קאלאשען איז שוין עפעס אנדערש. די ארטיקלען ווערען ניט קאליע. האב איך אנגעהויבען נאך יעדער פארשטעלונג צו־זאמענקלייבען אלע קאלאשען וואס דאס פובליקום הט מיר געווארפען און אהיים געטראגען.

אין א יאהר צייט האט זיך אנגעקליבען ביי מיר אזא בארג מיט קאלאשען, אז איך האב זיי פשוט ניט געהאט וואו אהינצו־טהאן. האט מיר מיין פרוי געגעבען אן עצה אפצודינגען א סטאר־קע און אויספערקויפען די סחורה. האב איך געפאלגט מיין פרוי און גענומען דאס דאזיגען סעלער, און עס געהט מיר, א דאנקען גאט,

ניט שלעכט. איך האב א גרויסען סטאק און — קאלאשען זיינע איצטער זעהר טהייער.

יא, האב איך געטראכט, ניט אלע שוישפיעלער האבען דאס גליק זיך אזוי שעהן ארויסצוארבייטען אויף דער אידישער ביהנע; פערלאזען דאס אידיש טהעאטער און אריינגעהן אין ביזנעס איז זעהר שעהן.

דאס איז א בעווייז, אז דאס אידישע פובליקום לאזט ניט פאלען איהרע גרויסע קינסטלער...



# לעבעדיגע פיעסען.



עווען אמאל א מאדע אין סאציאליסטישע הייזער א נאמען צו געבען די קינדער נאך גרויסע מענשען. נאך פילאזאפען, רעוואלוציאנערען און דיכטער.

אין איין הויז האט זיך ארומגעדרעהט א קארל מארקס, אין א צווייטען הויז א פערדינאנד לאסאל, אין א דריטען הויז א זשעלאבאוו, אין א פערטען — א נעקראסאוו און אזוי ווייטער.

זיינען געבארען געווארען מיידלעך, זיינען דאס געווען לואיזע מישעלס אדער סאפיא פעראווסקאיאס.

אין די נאציאנאליסטישע הייזער, ווידער, טרעפט איהר ארומלויפען א דר. הערצעלע, א מאקס נארדוי'לע, א פרץ'ל.

ביי מיר אין הויז, למשל, דרעהט זיך ארום א קליין שלום־עליכם'ל. א פרעהליך קינד, א לעבעדיגס. נאר עס לאכט...

ביי די אמעריקאנער הערשט אויך די זעלבע מאדע. ביי די העכערע סארט וועט איהר טרעפען קינדער וואס טראגען דעם נאמען פון גרויסע בעריהמטע דיכטער, שרייבער און פרעזידענטען; און ביי די פראסטערע סארט וועט איהר טרעפען קינדער וואס טראגען נעמען פון בעריהמטע פרייז־פייטערס, באלל־שפיעלערס, שיסערס, שוימערס אדער טענצערס.

אבער די צייטען פון א נאמען געבען קינדער נאך בעריהמטע מענשען, ווערען ביסלעכווייז פערשוואונדען. ווי עס ווייזט אויס, האבען זיך די בעריהמטע מענשען שוין צוגעגעסען דעם גרויסען עולם...

איצט איז אריין אין דער מאָדע דאָס טהעאַטער. דאָס טהע־אַטער פערנעהמט איצט דאָס אָרט פון די פילאָזאָפען, רעוואָלוציאָ־נערען און דיכטער.

היינט רופט מען אַן די קינדער מיט די נעמען פון אידישע פּיעסען.

אַט האָב איך ערשט לעצטע וואָך געלעזען אין אַ אירישער צייטונג, אַז אַ יונגע מאַמע האָט איהר׳ס אַ מיידעלע אַ נאָמען גע־געבען „סוזי ברען" און אַן אַנדער מוטער פון האַרלעם האָט איהר׳ס אַ אינגעלע אַ נאָמען געגעבען „דער גרינער בחור".

אין בראָנזוויל, ווידער, איז געבאָרען געוואָרען ביי אַ פּרוכט־פּעדלער אַ צווילינג — באָיטשיקלעך. האָט זיי דער פאָטער אַ נאָ־מען געגעבען „די ליטווישע ברידער לוריע". אַ פּיעסע פון יעקב גאָרדין.

אויך דאָ צוטהיילען זיך די אינטעליגענטען פון די ניט־אינ־טעליגענטען.

די ניט־אינטעליגענטע רופען אַן זייערע קינדער מיט נעמען פון שונד־פּיעסען, און די אינטעליגענטע רופען זייערע קינדער מיט נעמען פון ליטעראַרישע פּיעסען.

למשל:

מיינע אַ קוזינע האָט צוויי בלאָנדע טעכטערלאַך מיט גיל־דערנע הערעלעך, האָט זי ביידע מיידעלעך אַ נאָמען געגעבען „די ווייסע שקלאַפען"...

דער מאַן איהרער האָט זיי בעסער געוואָלט אַ נאָמען געבען „די צובראָכענע הערצער" (פון ז. ליבין), אָבער די מאַמע האָט אויסגעפיהרט. זי גלייכט, זאָגט זי, זאַלאַטאַרעווסקי׳ן בעסער ווי ליבינ׳ען. אַ צווייטע פרוי, האָט איהרע צוויי מיידעלאַך אַ נאָמען געגעבען „די לעבעדיגע יתומים"...

אַרימע קינדערלאַך, נעביך!

פערקעהרט, ווידער, ביי מיינעם אַ חבר זיינען פאַראַן צוויי אינגעלעך מיט אַ מיידעלע, האָט מען דעם עלטסטען אינגעלע אַ נאָמען געגעבען „שלמה׳לע שאַרלאַטאַן", דעם צווייטען אינגעלע

האט מען א נאמען געגעבען „דער מטורף“ און די מיידעלע — „מירעלע אפרת“.

די מאדע איז שוין אזוי ווייט פארשפרייט געווארען, אז דער עולם קעהרט שוין גאר ניט פאר קיין גוטע אדער שלעכטע פיעסען. זיי מישען אוים שונד מיט ליטעראטור...

מען דערצעהלט, אז אין בראנקס האט א פאטער א נאמען גע־געבען זיין קינד „נבלה“, פון פרץ הירשביין. און אז אן אנדער פאטער, אויך פון בראנקס, רופט זיין קינד „שמענדריק“.

א בייסטער, וואס וואהנט אין האוסטאן סטריט, האט זיינעם א באיטשיקעל א נאמען געגעבען „דער יקרות“.

איך שטעל זיך פאר, אז מיט יאהרען שפעטער, ווען מיר ווע־לען אן עפען טהאן דעם טעלעפאן־בוך אדער א ביזנעס־דירעקטארי, וועלען מיר דארט טרעפען א מיסטער „גאט, מענש און טייפעל“ א מיסטער „בר כוכבא“, אדער „שיילאק“ און קאמפאניע...

אמעריקא מיט איהרע מאדעס!



# ווען איך וואָלט געקענט שרייבען...



ען איך וואלט געקענט שרייבען, וואָלט איך זיך אוועקגעזעצט און אויפגעשריבען אַט אזא מעשה'לע:

א מאָל איז געווען א שרייבער, האָט ער א דראמא פערפאסט, און געהייסען האט די דראמא דער „אַרי־מער אַרימאַן". און געהאט האָט די דראמא זעקס אקטען מיט א קליין אקטעלע. און געשריבען האָט ער די דראמא א האַלב יאָהר.

פון די זעקס אקטען זיינען געווען דריי גע'גנב'עט פון אנדערע דראמאטורגען, וואָס האבען אליין גע'גנב'עט: צוויי ע נ ט נ ר־ מ ע ן; איינע נ א כ ג ע מ א כ ט און דאָס קליינע אקטעלע איז געווען געלאַטכענט.

האָט דער דראמאטורג אוועקגעטראָגען די דאָזיגע דראמא צו א טהעאַטער מענעדזשער און זי פאר איהם פאָרגעלעזען.

דער מענעדזשער איז געוואָרען שטאַרק בעגייסטערט און גע־פרעגט דעם שרייבער וויפיעל ער וויל.

האָט ער געבעטען פופציג דאלאר קעש און בילעטען פאר זיין משפּחה.

האָט איהם דער מענעדזשער צוגעזאָגט פינף און דרייסיג דאלאר.

האָט זיך דער דראמאטורג געקווינקעלט.

האָט איהם דער מענעדזשער געהייסען ארויסווארפען.

האָט מען איהם ארויסגעוואָרפען. האָט דער דראמאטורג געזעהן, אַז דער מענעדזשער פערשטעהט ניט קיין קאטאָוועס, אַז ער איז א פּראָסטער נפש; האָט ער זיך אונטערגעגעבען.

האט ער אוועקגעגעבן די דראמא און גענומען א פינפעריל האנד־געלד.

אז ער האט שוין געהאט דאס פינפעריל אין קעשענע, זאגט צו איהם דער מענעדזשער:

— מיסטער, אזוי ווי איהר האט היינט פערקויפט א דראמא, וואלט געווען א יושר, אז איהר זאלט זיין א ספארט און מיך מכבד זיין מיט א וועטשערע. ערשטענס, ווייל איהר האט געמאכט גוטע געשעפטען; צווייטענס, קומט מיר גלאט א „טריעט“ פאר אויס־הערען אייער דראמא.

האט דער דראמאטורג איינגעזעהן, אז דער מענעדזשער רעדט ווי א מענש מיט שכל, האט ער איהם ארייגעפיהרט אין א רעסטא־ראנט און מכבד געווען מיט א וועטשערע. צוליעב דעם מענעדזשער האט שוין דער דראמאטורג אויך געמוזט עסען.

הקיצור, דער דראמאטורג האט בעצאהלט דריי דאלאר פאר די מאהלצייטען, א דאלאר דעם קעלנער און מיט א דאלאר איז ער אהיים געקומען.

ביינאכט, ווען דער דראמאטורג איז געשלאפען און גע'חלום'ט זיסע חלומות, איז זיין ווייבעל, א דארע און א גיפטיגע, ארונטער פון געלעגער, גענומען זוכען און פלינדערען אין איהר מאן'ס הויזען־קעשענעס, דערטאפט דעם דאלאר און איהם צוגענומען.

פארטאג, אז דער דראמאטורג איז אויפגעשטאנען, האט ער ארייגעשטעקט די הענד אין די קעשענעס און דערזעהן דעם חורבן.

דאס איז געווען דינסטאג. מיטוואך האט איהם זיין פרוי געלאזט ארעסטירען, למאי ער גיט איהר ניט אויף צום לעבען.

דאנערשטאג איז געווען די טרייעל און מען האט איהם פער־משפט אויף דרייסיג טעג; פרייטאג האט מען אויפגעפיהרט צום ערשטען מאל זיין פיעסע דער „א ר י מ ע ר א ר י מ א ן“ און שבת האט מען איהם געלאזט וויסען, אז זיין דראמא איז גלענצענד דורכגעפאלען, און, אז דער מענעדזשער ווארט מיט אונגעדולד, אז ער, דער דראמאטורג, זאל ארויס פון טורמע וועט ער איהם צוברע־כען די ביינער.

זונטאג דריי א זייגער האט דער דראמאטורג בעקומען א הארץ־שלאג און איז געשטארבען.

— — — — — — — — — — — — —

**את דאס מעשה׳לע וואלט איך אנגעשריבען, ווען איך וואלט געקענט שרייבען...**



# א רב מיט אויערינגלעך.



יך האָב זיך בעקאַנט מיט א מענעדזשער פון א אי־דישען טהעאטער. דעם אמת גערעדט, האָב איך זיך מיט איהם בעקענט, נים ווייל איך האָב איהם ליעב, נור צוליעב דעם, וואָס ער גיט מיר אָפט א טהעמע פאר א טהעאטער־מעשה'לע.

מיט עטליכע טעג צוריק האָט מיר דער מענעדזשער דער־צעהלט א געשיכטע וועגען:

א רב מיט אַן אויערינגעל.

„איך האָב איינמאָל אָפגעקויפט ביי א הינען בעקער א דראמא אין 5 אקטען מיט 2 בילדער פאר ניינצעהן דאלאר.

די דראמא האָט געהייסען

די חברה קדישא אָדער מרים די רב'יצען.

און וואו ס'איז פאראן א רבי'צין, מוז אויך זיין א רב,

ווען איך האָב גענומען צוזאמענשטעלען דעם „פערסאָנאַל" האָב איך זיך געכאַפּט, אז איך האָב צופיעל ווייבער. אז מיר פעהלט אוים א שוישפּיעלער צו שפּיעלען די ראָלע פאר'ן רב.

דעם קוימענקעהרער האָב איך, דעם שמש האָב איך, דעם קאָר־טען־שפּיעלער האָב איך, א רביצין האָב איך, א דיענסט־מיידעל האָב איך, נור ניט קיין רב.

האָב איך זיך אַן עצה געהאַלטען מיט מיין פרוי. האָט מיר מיין פרוי פאָרגעשלאָגען צו נעהמען די מיסעס פּולקע, די סוברע־טין.

מיר איז די עצה געפעלען געוואָרען, ווייל די מיסעס פּולקע קען זיך זעהר גוט גראַמירען פאר א מאַן.

זי נעהמט אלע מאל שטארק אוים ווען זי שפּיעלט מענער־ראָ־לען.

הכלל, מיסעס פּולקע האָט גענומען איינשטודירען די ראָלע.

געקומען די נאכט, ווען די דראמא האָט געזאָלט צום ערשטען מאל אויפגעפיהרט ווערען, איז די מיסעס פולקע, די סוברעטין, געקומען אין איהר דרעסינג־רום, ארונטערגעוואָרפען פון זיך די קליידער און גענומען אָנטהאָן דעם רב'ס קליידער.

אין א האלבע שעה ארום האָט איהר קיינער ניט דערקענט.

זי האָט געטראָגען גאטקעס, שיך און זאָקען, א טלית קטן מיט ציצית, א שווארצע אטלאסנע וועסט און אויף דער וועסט — אַן אטלעסנע בעקעשע מיט א גארטעל. איהר פנים איז געווען איינ־געפאסט אין א ווייסע בארד מיט פאות, אויפ'ן קאָפּ האָט זי גע־טראָגען א שווארצע יארמולקע און אויף דער יארמולקע — א שטריי־מעל.

אַן אמת'ר חסיד'ישער רבי!

דער טהעאטער איז געפּאקט. ביי דער קאסע קוילעט מען זיך נאך פאר בילעטען. מען צאהלט שוין א דאלאר פאר שטעהן ביים טהיר.

די מוזיק שפּיעלט שוין, וויבער עסען שוין אראנדזשעס, יונגע מיידלעך האלטען שוין אין זייערע הענד די הענד פון זייערע יונגע לייט, די קינדער לויפען שוין ארום און שטיפען און די „פּאט־ריאָטען" אויף דער גאלעריע זיצען שוין אלע מיט רעקלעך אויף די הענד און שפייען ארונטער.

אט הויבט זיך אויף דער פאָרהאנג. עס קומט אריין צוערשט דער קוימענקעהרער, נאכהער דער רב.

עס ווערט א גרויסער אפּלויז. דעם רב'ס אויסזעהן, זיין ווייסע בארד און פאות און דער טלית־קטן מיט די ציצית, גיבען איהם צו רעספּעקט.

פּלוצים הערט זיך א געלעכטער. דער געלעכטער ווערט מיט יעדער סעקונדע אלץ שטארקער און שטארקער. באלד דונערט דער גאנצער טהעאטער פון געלעכטער.

וואס איז געשעהן? גאר ניט. די סוברעטין, מיסעס פולקע, וועלכע האט געשפיעלט פאר'ן רב, האט פערגעסען אויסצו־טהאן איהרע אויירינגלעך.

דער טהעאטער האט זיך געטרייסעלט פון לאכען!

די געשיכטע האט אזוי אויסגענומען ביים עולם, אז דער רב איז שוין פארגעקומען אין די אויערינגלעך די גאנצע צייט וואס די דראמא האט זיך געשפיעלט. און געשפיעלט האט זי זיך אכטצעהן וואכען.



# טענות פון אַ אידישען אקטיאָר.



בעקאַנטער אידישער אקטיאָר, נח לאַפּידוס, האָט מיך געבעטען, אז איך זאָל אויסגיסען פאר איהם זיין בּיטער הארץ. ער וויל איינמאָל פאר אלע מאָל בּעקע־נען די וועלט מיט זיינע צרות.

איך גיב איבער פאר די לעזער זיינע טענות, טאקע אין זיין אייגענעם לשון:

נאַרישע מענשען דענקען, אז אקטיאָרען לעבען ווי פירשטען, ווי גראפען. טראָגען געקעסטעלטע הויזען, פרינץ אלבערטס, סיגאַ־רען אין די מיילער, שטעקעלעך אין די הענד, און נאָר זיי פאָהרען אוים מיט שעהנע אקטריסעס און יונגע בּאַריסטעקעס.

נאַרישע מענשען דענקען, אז עס געפינען זיך טאקע שעהנע אקטריסעס און יונגע בּאַריסטעקעס.

דער אמת איז, אז דאס שוישפּיעלערישע שטיקעל ברויט איז דאָס בּיטערסטע אין דער וועלט! אט האב איך אַ ברודער, אַ קצב, איז איהם אַ סך בּעסער פון מיר, כאָטש איך שפּיעל אלע מאָל די ראָלע פון אַ קעניג, און טראָג אַ קרוין מיט אַ גילדערנעם שווערד.

אז מען וויל צוריק שמועסען דאָס אייגענע אויף צוריק, וואָל־טען די אקטיאָרען אויך געמאַכט אַ שטיקעל לעבען, ווען ניט זיי־ערע באַלעבאַטים, די „סטאַרס“.

וואָלטען זיי געווען „סטאַרס“ אליין, אדער באַלעבאַטים אליין, וואָלט געווען נישקשה; זיינען זיי אבער, צו אונזערע צרות, אי סטאַרס, אי באָסעס, אי מענעדזשערס, אי לעסיעס, אי דירעקטאָרן, אי טרעזשורערס.

און דאס ווייסט איהר דאך שוין פון לאנג, אז קוים איז י עֶ־נ ע ר א ל ע ס, ז י י ט א י ה ר ג א ר נ י ט. נעהמט י עֶ־נ ע ר צו די גאנצע א י י נ נ א ה מ ע און אייך גיט ער א פייג אונטער'ן נאז. און אויב די אנדערע האנד איז איהם ניט פערנומען, קריגט איהר צוויי פייגען...

אזוי ווי מיין באס, ביי ווענען איך שפיעל טהעאטער, אר־ביים מיט מיר אויף א „פראצענט“, האב איך מכות מיט כווראבעס. ער מאכט מיר אזא חשבון, אז עס ווערט מיר פינסטער אין די אויגען און ביטער אויפ'ן הארצען און קאלעמוטנע אויף דער נשמה!

זיינע חשבונות האבען א שם אויף דער גאנצער וועלט! א סך מאל קומט אויס, אז איהר שפיעלט אב א וואך, און ענדע וואך דארפט איהר איהם נאך דערצאהלען זעקס דאלאר

זיינע חשבונות דערמאהנען מיך אן מיין מאמען, זאל לעבען און געזונד זיין, מיט איהרע חשבונות, וואס זי פלעגט געבען דעם טאטען.

איינמאל האט איהם דער טאטע געגעבען צעהן גולדען, ענדע וואך האט ער ביי איהר געבעטען א חשבון, האט זי איהם געמאכט אט אזא חשבון:

„א גולדען אהער, א גולדען אהין, האבען מיר צוויי גולדען; צוויי גולדען זיינען זיך גלאט אזוי צוקראכען, האבען מיר פיער גולדען; אין א הויז האט עפעס א ווערטה פיר געלדען? האבען מיר שוין אכט גולדען; איין גולדען איז צוקראכען געווארען אויף לאקש, בוידים און ציבעלע; האבען מיר שוין ניין גולדען —

— נו, און דער לעצטער גולדען?

— דער לעצטער גולדען? וואו שטעהט דאס געשריבען, אז איך מוז דער אבגעבען חשבון ביז צום לעצטען סענט? — האט זיך די מאמע גענומען בייזערען אויפ'ן טאטען.

אט אזא מין חשבון האט מיר געמאכט מיין באלעבאס, דער „סטאר“ פון טהעאטער: דרייסיג פראצענט קומט איהם, ווייל ס'איז זיין טהעאטער; צוואנציג פראצענט, ווייל ער איז דער טהעאטער מענעדזשער; צעהן פראצענט ווייל ער איז דער די־רעקטאר; צעהן פראצענט ווייל ער איז דער טרעזשורער; צעהן

פּראַצענט ווייל ער איז דער סטאר־אקטיאר: צעהן פּראַצענט ווייל ער איז דער רעזשיסאר; צעהן פּראַצענט פאר זיין נאמען... ע ר הייסט מ אַ ט ע ל מ אַ ט ע ל ז א ה ן און א י ך הייס נ ח ל א פ י ד ו ס. אַ חוץ דעם קומט איהם צעהן פּראַצענט אלס סטיידזש מענעדזשער און צעהן פּראַצענט ווייל ער „פיקסט" די פּיעסען...

בלויז נארישע מענשען זיינען מקנא די אקטיארען!



# אין אַ פּראָווינץ-שטעדטעל.



ין אַ פּראָווינץ-שטעדטעל האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ איד:

— מיסטער, איהר זייט אַ ניו יאָרקער? אויב אַזוי, וויל איך אייך עפּעס פרעגען. איהר וועט מיר ענטפערען?

— אודאי.

— איהר געהט אמאָל אין אידישען טהעאַטער?

— יאָ.

— אויב אַזוי, וויל איך וויסען, אויב דאָרטען זיצען אויף די פרויען אין וואָלענע סוועטערס.

— יאָ.

— מיט צושויבערטע קעפּ?

— יאָ.

— און זיי ברענגען מיט עפּעס צום עסען?

— יאָ.

— וואָס אַ שטייגער?

— וואָס איהר ווילט: ניסלעך, ראָזשינקעס, עפּעל.

— און סענדוויטשעס?

— סענדוויטשעס אויך.

— קאָרן־ביף סענדוויטשעס?

— פערשיעדענע: פון קאָרן־ביף, פון פּאַסטראָמע, פון צונג, פון סאַלאַמע — אפילו פון שווייצער־קעז

— אַזוי? פונקט ווי ביי אונז אין שטעדטעל. הפנים איז מעטום איין וועלט!

— יאָ, זאָג איך, אומעטום איין וועלט און אומעטום די זעלבע אידען.

— דאָס איז אינטערעסאַנט! און וואָס טהוען ביי אייך די פרויען וואָס האָבען קינדער? זיי נעהמען זיי אויך מיט אין טהעאַטער, אדער זיי לאָזען דאָס קליין־ווארג אין דערהיים?

— וואָס פאַר אַ חיים, וואָס פאַר אַ שמיים? — מען נעהמט זיי מיט.

— און מען גיט זיי אויך זויגען אין טהעאַטער?

— שור!

— און די מאַמעס זיצען מיט די פאַנאַנדערגעשפּילעטע ווייסט־לאַך, הא?

— יאָ.

— און זיי שעהמען זיך גאָר ניט?

— ניין.

— און די קינדערלאַך וויינען?

— יאָ.

— און דער זייטיגער עולם שרייט: „שאַראַפּ?“

— יאָ.

— און די מאַמעס אַרט דאָס ניט?

— ניין.

— און מען קען ניט הערען וואָס מען שפּיעלט, הא?

— יאָ.

— אָבער פּונקט ווי ביי אונז אין שטעדטעל! הפנים אומעטום די זעלבע וועלט.

— יא, זאָג איך, די זעלבע וועלט און די זעלבע אידען.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, טרעפט אמאָל, אז אימיצער זאָל אין אַ ניו יאָרקער טהעאַטער פּלוצים אַ געשריי טהאָן: „פייער!“

— יאָ.

— און ווייבער זאָלען חלש'ען?

— יאָ.

— נאָך איין פראגע און דאט'ס אלל: וויפיעל אקטען האט א ניו יארקער דראמא?

— איך פערשטעה אייך ניט.

— איך וויל וויסען, וויפיעל אקטען עס האט א דראמא וואס מען שפיעלט אין ניו יארק.

— פאראן, זאג איך, פערשיעדענע דראמאס: פאראן מיט פ י ע ר אקטען און מיט פ י נ ף אקטען. עס ווענדעט זיך וואס פאר א דראמא. פאראן אזעלכע דראמאס, פון אזעלכע דראמאטור־גען, וואס זייערע דראמאס וואלטען געווען א סך בעסער, ווען זיי זאלען גאר קיין אקטען ניט האבען.

— לחלוטין אהן אקטען?

— יא.

— וואס וואלט געווען?

— גאר ניט. וואלט מען אנשטאט אין טהעאטער, בעסער געשלאפען אין דער היים.

— אבער אז א דראמא האט פיער אקטען, שפיעלט מען ביי אייך אלע פיער, הא?

— יא.

— און ביי אונז, אויף דער פראווינץ, איז אנדערש: ביי אונז האט נאך קיינער ניט זוכה געווען צוזעהן א גאנצע פיעסע, מחמת די אקטיארען פערשפעטיגען זיך תמיד מיט דער טריין.. קומען זיי אריין אין טהעאטער אמאל צעהן און אמאל עלף א זייגער; איז דאך שוין קיין צייט ניטא אנצוהויבען די פיעסע פון ע ר ש ט ע ן אקט. וואס־זשע טהוען אונזערע אקטיארען? הויבען זיי באלד אן די דראמא פון צ ו ו י י ט ע ן אקט און זעהר אפט פון ד ר י ט ע ן. איהר פערשטעהט? איך בין שוין דא, אין דעם שטעדטעל, א יאהר צוועלף, און איך האב נאך קיין גאנצע פיעסע ניט געזעהן — — — — — — — — — — — — — —



# דרעהט ניט קיין ספּאַדיק!



ויב איהר האָט אַ פּאָר קינוטען צייט, וועל איך אייך דערצעהלען אַן אינטערעסאַנט מעשה'לע, — זאָגט צו מיר אַ שוישפּיעלער.

— דערצעהלט.

דער שוישפּיעלער האָט זיך פערדרויכערט אַ סי־גאַרעט, ארויסגעלאָזען עטליכע בלויע ריגגעלעך פון רויך אין דער לופט און אָנגעהויבען:

— מיט עטליכע טעג צוריק בין איך געפאָהרען מיט מיין אויטאָמאָביל איבער דילענסי סטריט, פּונקט זעקס אַ זייגער פאַר־נאַכט, בשעת עס קאָכט און עס זידט מיט מענשען, אָטאָמאָבילס און עקספּרעסען. פון ביידע זייטען סיידוואָקס פּושקאַרטס. אין מיטען גאָס הונדערטע אויטאָמאָבילס און שווערע מאָטאָר־וועגען. איז מיין אויטאָמאָביל אריין אין דעם דאָזיגען גיהנום, זיך פער־פּלאָנטערט אין דער נעץ פון די אלע אויטאָמאָבילס. און טאָמער איז נאָך געווען ווענִיג, איז פּונקט פון פּאָרענט פון מיין אויטאָ־מאָביל געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע געצעהלטע טריט, אַ אידעל און געשטופּט אַ וועגעלע אויף צוויי רעדער — אַ פּושקאַרט מיט וויינ־טרויבען.

שטופּט דאָס אידעל זיין וועגעלע וויינטרויבען און טרעט ניט אָב דעם וועג. איך איייל זיך, איך וויל צוקומען וואָס גיכער צום טהעאַטער, אָבער איך קען ניט: דאָס אידעל מיט דער פּוש־קאַרט לאָזט ניט. די צובראָכענע פּושקאַרט פערהאַלט מיין ריע־זיגען אויטאָמאָביל.

שריי איך צום אידעל: מיסטער, לאָזט מיך דורך!

ענטפערט ער ניט.

שריי איך נאך העכער: מיסטער, טרעט אב דעם וועג.

קוקט ער זיך אום, ווי ניט איהם מיינט מען דאס, און שטופט ווייטער דאס וועגעלע.

— מיסטער! — נעהם איך שוין געוואלדעוועז — נעהמט זיך א קאפיטשקע אן א זייט!

— טשעפעט זיך אפ פון מיר! — ענטפערט דאס אידעל און טרעט ניט אפ.

זאג איך צום שאופער: דערלאנג א בלאז מיט דער טרובע, אפשר וועט זיך דאס אידעל דערשרעקען.

גיט דער שאופער א טרובע מיט דעם הארן, אבער דאס אידעל מאכט זיך ניט הערענדיג.

— טרובע שטארקער! — בעפעהל איך.

טרובעט ער שטארקער.

דאס אידעל געהט זיך זיין גאנג. ניט זיין עסק.

— א מאדנער אידעל! — זאגט דער שאופער — ער האט גאר ניט מורא פאר דעם טויט!

ווער איך שוין נערוועז און רוף אויס הויך אויפ'ן קול:

— מיסטער, אויב איהר פערנעהמט זיך ניט אן א זייט, וועל איך ארויפפאהרען אויף אייך!

— וועמען אארט דאס? — ענטפערט גלייכגילטיג דאס אידעל — און ער טרעט ניט אפ פון וועג.

זאג איך צום שאופער: ווייסטו וואס, פרוביר איהם פאמעליך א שטופ טהאן... עטוואס... זאלסט איהם חלילה ניט וועה טהאן.

— אלל־רייט, ענטפערט דער שאופער העכסט צופריעדען, און ער לאזט געהן דעם אויטאמאביל א הארעלע גיכער, און אט טהוט די „מאשין“ א לייכטען שטופ דעם אידעל מיט דער פושקארט אין איינעם... דאס אידעל געהט זיך רוהיג זיין וועג. ער קוקט זיך אפילו ניט אום...

— דערלאנג איהם א ביסעל א שטארקערען שטויס!

פאַלגט מיך דער שאופער און ער דערלאַנגט איהם אַ שטאַר־קערען שטויס.

דאָס אידעל מאַכט זיך ניט ווייסענדיג.

ווער איך שוין אין כעס און הייס דעם שאופער, ער זאָל דעם אידעל געבען נאָך אַ שטאַרקערען שטויס.

טהוט די מאשין אַ שטאַרקערען שטויס דעם אידעל, אזוי, אז די פושקארט האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן. האָט זיך דאָס אי־דעל גאַנץ רוהיג אומגעקוקט צו מיר און אַ זאָג געטהאָן? „מיסטער, דרעהט ניט קיין ספּאַדיק...“ און ער איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג.

בין איך שוין געוואָרען גוט אין כעס אן געהייסען דעם אי־דעל דערלאַנגען אַ ריכטיגען קלאַפּ.

האָט דער שאופער קיין סך ניט געטראַכט און דערלאַנגט דעם אידעל אַ בעל הבית'ישען שטויס!

האָט זיך דאָס אידעל אַלײן ניט אָפּגערוקט אָן אַ זייט, נור אומגעדרעהט צו מיר דעם קאָפּ און אַ זאָג געטהאָן גאַנץ גלייכ־גילטיג:

— איך האָב אייך אין דר'ערד!

און ער איז פון וועג ניט ארונטער.



# אַ דראַמאַ אין 5 אַקטען.



מאָל איז געווען אַ איד מיט'ן נאָמען הענאך. איז דער הענאך ארומגעגאנגען ליידיג, האָט ער אָנגעשריבען אַ דראַמאַ פאַר דעם אידישען טהעאַטער. אַ דראַ־מאַ אין פינף אַקטען.

דער ערשטער אַקט האָט זיך געדאַרפט אָפּשפּיע־לען אין סובאַלק; דער צווייטער — אין בערלין; דער דריטער — אין לאָנדאָן; דער פיערטער — אין ניו יאָרק און דער פינפטער — אין פילאַדעלפיאַ.

פון דעם ערשטען אַקט ביז דעם צווייטען, האָט געדאַרפט אַוועקגעהן פערצעהן יאָהר; פון דעם צווייטען ביז'ן דריטען — ניין יאָהר; פון'ם דריטען ביז דעם פיערטען—זעקס יאָהר, און פון'ם פיערטען ביז'ן פינפטען אַקט — זעקס יאָהר.

צוזאַמען האָט זיך די דראַמאַ געדאַרפט ציהען דריי און דרייסיג יאָהר.

האָט אונזער דראַמאַטורג, הענאך, אויפגעשריבען די דראַמאַ און איהר אַ נאָמען געגעבען:

„דער זייגער מאַכער".

נאָר איין זאַך האָט ער פערגעסען אַנצומערקען אין זיין דראַ־מאַ: ווען דער פאָרהאַנג דאַרף זיך ארונטערלאָזען.

ער האָט בלויז אָנגעמערקט, אז איידער די דראַמאַ הויבט זיך אָן, מוז מען די פאָרהאַנג אויפהויבען. אז ניט — האָט ער בע־מערקט — וועט דער עולם ניט זעהן וואָס עס געהט פאָר אויף דער ביהנע.

הכלל, וואס טויגען אייך מעשיות מיט געשיכטען? דער דראַ־מאַטורג הענאך האט פערקויפט זיין דראמא צו דעם מענעדזשער פון שמעלקעס טהעאטער, און דער מענעדזשער פון שמעלקעס טהעאטער האט בעשלאָסען די דראמא אויפפיהרען — ווי געוועהנ־ליך — אהן פראבען.

דער מענעדזשער פון שמעלקעס טהעאטער האלט זעהר ווע־ניג פון פראבען; ער זאגט, אז פראבען זיינען איבעריג. אין דער צייט, וואס מען מאכט פראבען, קען מען בעסער באלד אויפפיהרען די פיעסע און שוין מאכען געלד. און אז די פיעסע, זאגט ער, וועט געהן, וועלען זיך די אקטיארען שוין אויסלערנען די ראָללען שפּע־טער.

אזוי איז געווען. די דראמא איז אדווערטייזט געוואָרען אויף גרויסע פּאוסטערס מיט רויטע און גרינע אותיות; מיט בילדער פון די אקטיאַרען און מיט דעם בילד פון דעם בעריהמטען דראַ־מאַטורג הענאך.

צו די ערשטע פאָרשטעלונג איז דער טהעאטער געווען אָנגע־פּיקעוועט מיט מענשען. עס איז געווען אזוי ענג, אז ס'איז ניט גע־ווען קיין פּלאַץ וואו צו גענעצען...

אַט ווערט פינסטער און דער פאַרהאַנג הויבט זיך אויף און דער ספּעשעל פּאָליסמאן נעהמט קלאַפּען מיט'ן שטעקעלע אַן די טשערס און שרייען: „העטס אָף! סיט־דאַון! אָרדער! שאַ־ראַפּ!“

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז בערוהיגט זיך דער עולם און די דראמא הויבט זיך אָן.

דער זייגער איז האלב נאך ניין.

און די דראמא נעהמט זיך דראַמעווען: די אקטיאַרען שריי־ען, געוואַלדעווען, טאַנצען, וואַרפען זיך מיט טשערס, סטראשע־זיך מיט רעוואָלווערס; איינער שרייט „שמע ישראל“; מען האלט רעדעס, א כלה וויינט און זינגט און חלש'ט און פער'סמ'ט זיך. עס בעווייזען זיך צוויי חתנים: איינער א רב'ס א זוהן, וואס רייט אויף א פערד; א צווייטער, א מילנערס א זוהן, וואס לערענט

גמרא. קלויסטער־גלאָקען קלינגען; מען מאכט פּאַגראַמען אויף אידען; אַן אַלטער איד מיט אַ ווייסער באָרד, ווי גראף טאָלסטאָי, לויפט ארום און סטראַשעט, אַז ער וועט אנטלויפען קיין אַמעריקאַ.

הכלל, עס איז שוין צעהן, האַלב נאָך צעהן, עלף, האַלב נאָך עלף. און די אַקטיאָרען שוויצען, פּרייכען, סאָפּען, פּאַרשקען, פּאַ־לען פון די פיס, ווערען הייזעריג. אַ העלפט פון די אַקטיאָרען ליגען שוין טויט אויף דער ערד. מאַנכע פון די פּאַגראַמען; אַנדערע האָבען זיך פערגיפטעט; די מעבעל ליגט צובראָכען אין שטיקער; און דער ערשטער אַקט איז אַלץ ניט געענדיגט.

דער עולם וואונדערט זיך: סטייטש, ווי איז דאָס געהערט געוואָרען, אַ פּיעסע מיט אַזעלכע לאַנגע אַקטען? דער זייגער איז שוין האַלב נאָך צוועלף און עס שפּיעלט זיך נאָך אַלץ דער ערשטער אַקט. אַ סך שלאָפען שוין, פייפען מיט די נעזער, שנאַרכען, כאָר־כלען, רעדען פון שלאָף. אַ טהייל דרעמלען מיט פערוואָרפענע קעפּ... און אָט ווערט פלוצים שטיל אויפ'ן סטיידזש. ווי מיט אַ האַק איבערגעהאַקט! עס ווערט ליכטיג, דער מענעדזשער בעוויזט זיך און ערקלעהרט, אַז די דראַמאַ איז געענדיגט. מען קען אהיים געהן. די שולד האָט ער אַרויפגעוואָרפען אויפ'ן דראַמאַטורג הע־נאָך: ער האָט פערגעסען אָנצומערקען אין זיין דראַמאַ וואו דער פאָרהאַנג דאַרף זיך אַרונטערלאָזען. איז מען דארום געוועזען גע־צוואונגען אָפּצושפּיעלען די גאַנצע פּיעסע מיט אייז אַטהעם.



# רבנים, חזנים,
# שמשים, מלמדים
# און — אידען

# א בראָנזווילער רב.



בת פריה נייז א זייגער.

בראָנזוויל קאָכט, בראָנזוויל פליהט, בראָנז־וויל געהט אויף רעדלאך.

פון אלע גאסען און געסלאך לויפען אידען הענדום־פענדום, אהן אן אָטהעם, און אלע ציהען צו איין פונקט: צו טהאָטפאָרד עוועניו, לעבען דער גרויסער שוהל.

איינער ביים צווייטען פרעגט וואו מען לויפט? וואָס איז געשעהן? אָבער קיינער ווייסט ניט אויף קלאָהר.

איינער זאָגט: א גרויס פייער האָט אויסגעבראָכען און גאנץ בראָנזוויל ברענט און פלאַקערט ווי א שטרויענער דאַך; א צווייטער זאָגט, אז דער „עלעווייטער" מיט זעקס וואגאָנעס איז ארונטערגעפאלען אויף דער ערד און אפשר דריי טויזענד מענשען זיינען גע'הרג'עט געווארען; א דריטער זאָגט, אז אן אָטאָמאָביל האָט איבערגעפאָהרען אויף טויטט א כלה־מיידעל און דער חתן איהרער, האָט זיך פאר גרויס הארצוועהטאָג פער'סם'ט; נאך איינער זאָגט, אז עטליכע משוגענע הינט לויפען ארום אין די גאסען און בייסען קליינע קינדער.

הכלל, יעדער זאָגט עפּעס אנדערש, און אלע פליהען צושראָקען און בלייך און אלע שטעלען זיך אָפּ אין טהאָטפאָרד עוועניו לעבען דער שוהל.

זעה איך מענשען לויפען, לויף איך אויך! איך בין דאָך עפּעס אויך א בראָנזווילער „ציטיזנער"...

פלוצלונג לויפט פארביי מיר א בעקאנטער מלמד, מיט א רויטער פאטשיילע ארום האלז, בלייך ווי די וואנד, און ער שרייט מיט בענומענע קולות.

שטעל איך אפ דעם בלייכען מלמד: ר׳ משה, ר׳ משה, וואס האט פאסירט? וואס זייט איהר אזוי צושראקען?

ענטפערט דער מלמד:

— דער רב, ר׳ שמעריל שמערילסאן, איז, ניט פאר אונז געדאכט, געלעמט געווארען. ער שטעהט נעבאך אזוי ווי פערגליווערט און ער לאזט זיך ניט ריהרען פון׳ם ארט. און דער מלמד לויפט ווייטער און שרייט: „אידען, ראטעוועט דעם רב! אידען, ראטעוועט די תורה! אונזער רב, ר׳ שמעריל שמערילסאן, איז מסוכן; איז אוים מענש“.

שטופ איך זיך צו צום געדיכטען רעדעל מענשען און טהו א קוק — אמת. א שעהנער איד מיט א פיינעם באָרד שטעהט אין מיטען גאס,ביידע פיס צוזאמענגערוקט ווי צו שמונה עשרה, און א סך אידען, מיט בערד און אהן בערד, שטעהען ארום איהם און ער, דער רב, האלט אין איין מאכען מיט די הענד, אז מען זאל צו איהם נאהענט ניט צוגעהן; מען זאל איהם ניט טשעפען, ניט ריהרען פון׳ם פלאץ, מען זאל וויכען פון איהם.

דער טומעל איז גרוים און די יללות פון די אידען און אידענעם לעבערען דעם הימעל.

דער עולם ווערט וואס אמאל אלץ גרעסער און גרעסער, פאליסלייט קומען און נעהמען ארבייטען מיט זייערע קלאבס איבער די קעפ... אבער די צושראקענע בעלי הבתים פון בראנזוויל ערקלעהרען די פאליסלייט, אז דאס איז ניט קיין רייאט, נאר אן אומגליק האט פאסירט: דער רב ר׳ שמעריל שמערילסאן איז געליימט געווארען אויף די פיס...

פרעג איך ביי די אידען: אידען, פון וואנען ווייסט איהר, אז דער רב איז געליימט געווארען? ער אליין זאגט דאס אייך?

— ניין, — ענטפערען די אידען — ער אליין זאגט גאר ניט, ער שווייגט... נאר מיר דענקען אזוי...

הקיצור, דער רב איז אזוי אבגעשטאנען דעם גאנצען שבת'דיגען טאג לעבען דער שוהל און ארום איהם — גאנץ בראנזוויל.

ערשט פארנאכט, ווען דער ערשטער שטערען אויפ'ן הימעל האט זיך אנגעצונדען, האט זיך דער רב איינגעבויגען, אפגערוקט דעם רעכטען פוס, אויפגעהויבען א האלבען דאלאר און איז אוועק אהיים — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מארגען האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער האלבער דאלאר איז געווען — א פאלשער...



## „דין-תורות...“



י געשיכטע איז אַ שעהנע, און אינטערעסאַנטע, און אמת'ע.

פּאַסירט האָט זי אין אַמעריקאַ.

אין דער געשיכטע זיינען פערוויקעלט צוויי שותפים, צוויי רבנים, צוויי ווייבער, פערצעהן קינ־ דער און אַ הויז.

לעגט אוועק שער און נאָדעל, האַמער און זעג, און הערט אויס די געשיכטע פון אָנהויב ביז'ן סוף. עס וועט אייך אָסור פערדריסען.

פאַראַן דאָ אין אַמעריקאַ אַ קליין אידיש שטעדטעל. אין דעם שטעדטעל געפינען זיך צוויי שעהנע אידען. פרומע אידען. אי־ דען מיט שווארצע אויגען און שווארצע בערד. מיט שווארצע יאַר־ מולקעס און געקנייטשטע שטערענס, מיט טלית קטן'ס און טאַ־ באַק־פּושקעס.

האָבען זיי בשותפות אַ הויז געקויפט. אַ הויז ווי אַלע היי־ זער: מיט פענסטער און טהירען, מיט ווענט און פּאָדלאָגעס, מיט אַן ערשטען און צווייטען „מאָרטגיידזש“.

האָבען ביידע שותפים איינגעצאָהלט אין איינעם: ניט קיין צוויי טויזענד, ניט קיין איין טויזענד, ניט קיין האַלבען טוי־ זענד. נאָר פיער הונדערט דאָלאַר איינגעצאָהלט און אריינגע־ מופט.

ניט אַליין, חלילה, נאָר מיט זייערע פרויען און קינדער.

צוזאַמען: פערצעהן! צעהן אינגלאך און פיער מיידלאך.

האָבען זיך די פערצעהן קינדער פיינט געהאַט ווי דעם טויט.

און אַז פערצעהן קינדער האָבען זיך פיינט, שלאָגען זיי זיך; און

אז פערצעהן קינדער שלאגען זיך, כאפען זיך אלע מאל ארויס פון אזא געשלעג פיער אינגלאך מיט אונטערגעהאקטע ריפלאך און א פאר מיידלאך מיט אויסגעפליקטע הערלאך...

און אזוי ווי די פערצעהן קינדער האבען סך הכל צוויי מא־מעס, אידישע מאמעס, נעהמען זיי זיך קריגען. שרייט איין מא־מע, אז די קינדער פון דער צווייטער מאמען זיינען ניט קיין קינ־דער, נאר שדים; שרייט די צווייטע, אז די קינדער פון דער ערשטער מאמען זיינען מערדער, גנבים...

צינדען זיך ביידע מאמע־הערצער אן מיט א ברענענדיגען בעס און — די הענד פון ביידע מאמעס הויבען זיך אין דער לופ־טען, לאזען זיך ארונטער, פערפלאנטערען זיך אין די צופודעלטע קעפ און עס נעהמט ניט לאנג און יעדע מאמע בעזונדער בלייבט שטעהן מיט א בינטעל האר אין האנד.

אונטער דער צייט, וואס די מאמעס מאכען זיך שיטערער די האר פון די קעפ, זיינען שוין די פערצעהן קינדער ווידער גוט פריינד...

הקיצור, קומען ביידע מענער פון ביידע ווייבער אהיים פון זייער בעשעפטיגונג. טרעפען זיי זייערע ווייבער פערוויינטע, אנ־געבלאזענע, מיט שיטערע האר... פרעגען זיי: „וואס איז דאס?" ענטפערען די ווייבער: „אזוי און אזוי, די פאסקודסטווע האט מיך געשלאגען". פרעגט ווידער דער מאן: „פאר וואס?" ענטפערט ווידער די פרוי: „פאר גאר ניט..."

ווערען ביידע מענער, די שותפים, הייסט דאס, אויפגערעגט, און מען פאלט אן איינס אויף ס'אנדערע ווי צורייצטע העהנער און — עס ברעכט אויס א מורא'דיגע מלחמה! יעדער בוכץ, יעדער קנאק ווענט אפשר טויזענד פונט... און וואס טהוען דערווייל די צוויי ווייבער? גאר ניט! זיי שטעהען און קוקען און קוועלען: שעפען נחת!

און וואס טהוען די פערצעהן קינדער? גאר ניט! זיי שטע־הען און האבען הנאה און וועטען זיך „ווער עס וועט בעסער דערלאנגען".

נאך דער מלחמה קומט א שטארקער רוגז; א ברענענדיגע שנאה. ווילען זיי מעהר צוזאמען ניט וואהנען; הייסט איינער דעם אנדערען ארויס פון הויז אדער ארויסצאהלען א העלפט.

וויל קיינער ניט ארויסמופען און ניט אויסצאהלען.

קריעגט מען זיך; זידעלט מען זיך; מאכט מען זיך מיט דער בלאטע!

זיינען זיי דאך אבער פרומע אידען, שעהנע אידען, רעליגי־עזע אידען, בלייבט מען זאל זיך פערלאזען אויף מענשען. זאגען מענשען: „דין תורה".

געהען ביידע שותפים צום רב. הערט דער רב אויס זייערע טענות און — ניט איינעם גערעכט...

געהען זיי אהיים ניט צופריעדען, און עס צוברענט זיך א פרישע מלחמה.

געהט מען ווידער צום רב. גיט דער רב דעם צווייטען גע־רעכט.

געהען זיי ווידער אהיים מלא כעס...

בלייבט צו געהן צו א צווייטען רב. פסקנ'ט דער צווייטער, אז דער ע ר ש ט ע ר שותף האט רעכט, מחמת ער איז עלטער...

געהען זיי צוריק צום ערשטען רב. פסקנ'ט דער ערשטער, אז דער צ ו ו י י ט ע ר שותף האט רעכט, מחמת ער איז דער שטארקערער...

אט אזוי האבען זיי כמעט יעדען טאג א נייע דין תורה ו ו ע ר פון זיי עס זאל בלייבען בעל הבית פון הויז.

און די רבנים פסק'נען, און די שותפים קריעגען זיך, און קלייבען דערווייל אן דאס פסק־געלד. קיינער פון זיי וויל ניט בע־צאהלען די רבנים, ווייל זיי זיינען „פארטייאיש"...

שלעפט זיך די מחלוקה און שלעפט זיך, און ציהט זיך און וויל ניט אויפהערען; און דין תורות וואקסען און עס שפראצען ארויס יעדען טאג פרישע...

ביז די רבנים ערקלעהרען, אז מעהר ווילען זיי ניט געמרויען, זיי ווילען האבען בעצאהלט פאר אלע דין תורות, זיי ווילען מעהר

ניט בארגען... זיי דארפען געלד, דארפען זיי...

ווילען די שותפים ניט בעצאהלען. זיי ווילען ניט און האַ־בען ניט. געהען די רבנים און שטעלען אן אן אדוואקאט. געהט דער אדוואקאט און קלאגט אן די שותפים, קומט צו א משפט, גיט דער ריכטער רעכט די רבנים. „א רב, זאגט דער ריכטער, איז ניט מחויב צו פטר'ן צייט פאר נאטהינג"...

קורץ פון אלע הקיצורם: די צוויי שותפים קענען ניט סעט־לען דעם ביל פאר די „דין תורות" און די צוויי רבנים נעהמען צו דאס הויז פאר פסק־געלד...

מאכען זיי צו מופעןביידע שותפים, מיט זייערע ווייבער און קינדער און — געסעטעלט!

וויל מען מיט די צוויי רבנים האבען א דין תורה ביי א דריי־טען רב, ווילען זיי ניט געהן; זיי גלויבען ניט — זאגען זיי — אין דין תורות — — — — — — — — — — — — — — — — —



# כשר און טריף.



ר האט אזוי לאנג געהוסט און געהוסט און געהוסט, ביז ער האט געסטאפט. געסטאפט, זיך א ווײלע אויסגעהוסט, און ווידער געהוסט...

איז ער אוועק צו א דאקטאר. האט איהם דער דאקטאר געזאגט, אז ער איז ניט געזונד... אז ער דארף עסען און טרינקען און ניט ארבייטען.

זאגט דער חולה: — איך ארבייט שוין ניט איבער א יאהר.

זאגט דער דאקטאר: דאס איז גוט; דאס געפעלט מיר.

זאגט ווייטער דער חולה: — איך האב שוין א יאהר צייט ניט פערדיענט א סענט; איך האב אפילו ניט צו בעצאהלען אייך פאר'ן אונטערזוכען מיך.

זאגט דער דאקטאר: דאס איז ניט גוט; דאס טויג אין דר'ערד.

פרעגט דער חולה: — וואס דארף איך עסען?

זאגט דער דאקטאר: — טשיקען, מילך, אייער, פרוכט...

איז דער קראנקער אוועק אהיים און האט דערצעהלט זיין ווייב. האט זיין ווייב פער'משכנ'ט א קישען, געקויפט א טשיקען און א פאר קווארט מילך.

און אט שטעהט שוין די טשיקען אויפ'ן הייסען אויווען און קאכט זיך, און לעבען די טשיקען — א פענדעל מיט הייסע מילך און קאכט זיך אויך. און אט פאסירט א גרויס אונגליק: די מילך לויפט אויס און עס דערלאנגט א שפריץ ארויף אויף די טשיקען.

ווערט אין הויז א גערודער, א געשריי, מען ברעכט די הענד, מען רייסט זיך ביי די האר.

דער קראנקער, וועלכער איז זעהר א פרומער רעליגיעזער איד, שרייט, מען זאל שוין געהן צום רב פרעגען א שאלה.

לויפט זיין ווייב אוועק צום רב: „רבי, טענה'ט זי, עס האט געטראפען ביי מיר אין שטוב א גרויס אונגליק: א טראפען מילך האט ארויפגעשפריצט אויף א געקאכטע טשיקען, און מיין מאן איז ארעם און קראנק. רבי, ראטעוועט!"

זאגט דער רב: „אויב אזוי, איז די טשיקען כשר".

לויפט די פרוי אהיים א גליקליכע און דערצעהלט איהר מאן, אז די טשיקען איז כשר.

זאגט דער מאן: „עס קען ניט זיין! האסטו אודאי שלעכט איבערגעגעבען; ניט דערצעהלט דעם רב דעם אמת. און ער שיקט זיינע א שוועסטער, א כלה־מיידעל, צום רב פרעגען די זעלבע שאלה נאך א מאל.

לויפט דאס כלה־מיידעל צום רב און זאגט:

— רבי, עס האט זיך געקאכט טשיקען און לעבען די טשיקען — מילך; איז די מילך אויסגעלאפען און אריינגעשפריצט אין טעפעל אויף די טשיקען... דער ברודער מיינער איז זעהר אן ארימער, א קראנקער, האט רחמנות, ראטעוועט, רבי!

זאגט דער רבי: „כשר!"

לויפט דאס כלה־מיידעל אהיים מלא שמחה און זאגט איהר ברודער, אז דער רב האט געהייסען עסען די טשיקען. ער זאגט: ס'איז כשר.

ווערט שוין אונזער חולה שטארק אין כעס און ער שרייט מיט קולות: „איהר ווילט מיך אריינטרייבען אין א זינד! איהר ווילט איך זאל עסען טרפות! איך גלויב אייך ביידען ניט; איכ'ל אליין געהן צום רב!"

לויפט ער אליין צום רב: „רבי — נעהמט ער טענה'ן, — רבי, ווי קאן דאס זיין, אז די טשיקען זאל זיין כשר? אז מילך שפריצט ארויף אויף טשיקען, איז כשר?"

און ער האט גענומען סטראשען דעם רב, אויב ער וועט די טשיקען כשר מאכען, וועט ער עס דערצעהלען צו אלע אידען פון אמעריקא.

האט זיך דער רב דערשראקען פאר דעם קראנקען אירען און די טשיקען טריף געמאכט...

לויפט דער קראנקער אהיים א גיקליכער. ער האט אויס־געפיהרט: דער רב האט טריף געמאכט די טשיקען.

ווערט דעם קראנקען׳ס פרוי און זיין שוועסטער — דאס כלה־מיידעל — אין כעס אויפ׳ן רב און לויפען אוועק צו איהם מיט קולות: „סטייטש, וואס פאר א רב זייט איהר? אונז זאגט איהר כשר און איהם זאגט איהר ניט כשר — און זייערע קולות הערען זיך אויף א בלאק ווייט.

ווערט דער רב טויט ווי אלע טויטע, קראצט זיך אונטער׳ן יארמולקע, קנייטשט דעם הויכען שטערען און זאגט: „קינדער־לעך, שרייט נים, מאכט ניט קיין ליארעם, איהר האט רעכט, א רב דארף ניט בייטען אלע ווײלע זיין ווארט. געהט אהיים און זאגט איהם, אז ער מעג עסען די טשיקען. די טשיקען איז כשר“.

פליהען זיי ביידע אהיים מיט צופלאמטע באקען און קלאפענ־דע הערצער, און דערצעהלען דעם קראנקען, אז דער רב האט גע־זאגט, אז ער מעג עסען די טשיקען; אז די טשיקען איז כשר.

געהט אונזער ברומער חולה ארויס פון די כלים, פליהט ווידער אוועק צום רב מיט א מורא׳דיגען געפילדער:

— סטייטש, וואו איז דאס געהערט געווארען, אז א רב זאל דרעהען מיט׳ן צונג ווי מיט א דישעל? מיר זאגט איהר, אז די טשיקען איז טריף, און מיין ווייב מיט מיין שוועסטער זאגט איהר אז די טשיקען איז כשר?“

ווערט דער רב שטארק נערוועז, צושראקען, א האלבער פני[illegible] ביי איהם שמייכעלט און די אנדערע העלפט וויינט... ענדליך שטאמעלט ער ארויס:

— אי־אי־הר האט רעכט... די טשיקען איז טאקע טריף... איהר זאלט די טשיקען ניט עסען... זי איז טריף, טריף, טריף!

דא איז אונטערגעלאפען דעם קראנקענ'ס פרוי מיט זיין שוועסטער, די כלה־מיידעל. האט זיי דער רב דערזעהן, האט ער גענומען שרייען:

— כשר! כשר! כשר!

— — — — — — — — — — — — —

דער סוף איז זעהר א טרויעריגער.

דער ארימער רב געפינט זיך איצט אין א משוגעים־הויז, און טאג ווי נאכט לויפט ער ארום איבער זיין צימעריל, פאכעט מיט דער יארמולקע אין דער לופטען און רעוועט הויך אויף א קול:

— טריף! כשר! טריף! כשר! טריף! כשר!

דער הויפט־דאקטאר פון משוגעים־הויז זאגט, אז זייט ער איז דאקטאר, האט ער נאך אזא משוגענעם ניט געהאט!...



# מיין זיידענ'ס צוואה.



ז מיין זיידע, א ליכטיגען גן־עדן זאל ער האבען, איז געשטארבען, האט מען גערעכענט, אז ער איז גע־שטארבען אן ארימאן, א אביון. אבער, אז מען האט, נאך „שלושים“, געעפענט זיין תפילין־זאק, האט מען דארט געטראפען אן איינגעוויקעלט שטיק פא־פיער. האט מען געעפענט דאס שטיק פאפיער, האט מען דערזעהן, אז דאס איז א צוואה.

די צוואה איז געווען געשריבען מיט זיין אייגענער האנד אין פשוט'ען מאמע־לשון.

געלעזען האט זיך די צוואה אט אזוי:

„איך, דוד פנחס, בר ר' צבי הערש, לאז איבער א פערמעגען פון דריי און פערציג גולדען. פון די דריי און פערציג גולדען לאז איך איבער דריי גולדען אויף דעם אלטען בית המדרש (עס זאל זיין צושטייער אויף א נייעם ארון קודש); 2 גולדען לאז איך איבער פאר דער חסידישער קלויז; איין גולדען — פאר דער שניי־דערשער שוהלכעל; איין גולדען פאר דאס קצב'ישע שוהלכעל, איין גולדען פאר'ן הקדש; איין גולדען פאר דער חברה תהלים; איין גולדען פאר דער חברה משניות; צוויי גולדען פאר א נייע מקוה; זעקס גולדען פאר דער חברה הכנסת כלה (ס'איז א ביטע־רער רחמנות אויף די אלטע מיידלאך, מען דארף זיי וואס גיכער חתונה מאכען); דריי גולדען לאז איך איבער דעם רב (זאל ער זיך אביסעל בעקליידען, עס איז א חרפה און א בושה ווי ער געהט נעבאך ארום); דריי גולדען זאג איך אפ דעם שמש פון דער קאל־טער שוהל (זאל ער אויך וויסען פון א לעבען צו זאגען); איין

גולדען לאז איך איבער פאר דער חברה „מלבוש ערומים" (זאל מען מיט דעם געלד אויסקליידען די ארימע יתומים...) ; איין גולדען זאג איך אפ אויף צו פעררריכטען דעם בית עולם; איין גולדען זאג איך אפ אויף „איבערצוזעהן" אלע מזוזות פון שטעד־טעל ; איין גולדען לאז איך איבער אויף בראנפען צו מיין יאהר־צייט ; איין גולדען לאז איך איבער פאר דער חברה הלוית המת (טאמער קומט אוים צו בעגראבען א אידען, זאל מען איהם קענען בעגראבען...) ; איין גולדען לאז איך איבער פאר שמעון דעם קירזשנער (אזוי ווי ער הוסט נעבאך, זאל ער זיך קויפען א ווארעם שאליקעל) ; איין גולדען זאג איך אפ פאר דער חברה „סומך נופלים" (וואו נאר א קראנקער אין שטעדטעל, זאל מען איהם קע־נען ראטעווען...) ; ניין גולדען לאז איך איבער פאר מיינע ניין קינדער (פאר יעדעם קינד א גולדען) ; איין גולדען זאג איך אפ מיין ברודער דן (זאל ער האבען מיט וואס אויסצוצאהלען זיינע חובות...) ; איין גולדען לאז איך איבער פאר מיין שוועסט־ער עלקע.

פאר מיין ווייב לאז איך ניט איבער אפילו קיין איין גראצער. איך טהו דאס דערפאר, ווייל זי האט מיך דעם גאנצען לעבען געיאדעט, ניט געגעבען קיין עסען צו זאט, קיינמאל ניט צוגענעהט קיין קנעפעל צו די בגדים ; קיינמאל ניט פערצירעוועט א שקאר־פעטקע ; תמיד געהאט טענות צו מיר, למאי איך בין ניט קיין גע־זונטער... אט דערפאר לאז איך איהר ניט איבער קיין איין גראצער. איך וואלט נאך געקענט לעבען לאנגע יאהרען, ווען ניט זי מיט איהר פיסקעל.

זאל גאט אויסהיטען דאס אידישע פאלק פון אזעלכע אונגליקען און צרות. אמן.

ע י ק ר ש כ ח י : — איך וועל געהן אין קבר מיט א שמייכעל אויף די ליפען. עס איז אלעס ווערטה אבי ניט אנצוקוקען מיין ארורה. די פאר יאהר וואס איך וועל זיין אין קבר אהן איהר, וועל איך וויסען פון א לעבען צו זאגען.

איך בעט אויך א טובה ביי דער קהלה: אויב מיין ווייב וועט שטארבען, זאל מען איהר, למען השם, ניט מקבר זיין אויפ'ן זעל־בען בית עולם, נאר אוועקפיהרען ערגעץ אין אן אנדער שטעדטעל. וואס ווייטער איז בעסער...

אונטערגעשריבען:

דוד פנחס, בר ר' צבי הערש.



# אברהם'ל.



ברהם'ל איז א ליטוואק און ער פערעלט מיט ניס. ווען איהר גילט איהם אב, וועט ער אייך מיט קיין אנ־דער ארטיקעל ניט פעדלען. זיין טאטע, זיין זיידע, זיין עלטער־זיידע — זאגט ער — האבען אלע געהאנ־דעלט מיט ניס, האנדעלט ער אויך מיט ניס.

ווען איהר געהט איבער ריווינגטאן סטריט, און איהר זעהט דארטען לעבען א פושקארט מיט וועלשענע ניס שטעהן א בלאס מאגער אידעל, מיט אן איינגעשניטען אויער, מיט א שיטער יקרות־בערדעל, וואס איין האר דערזעהט ניט די צווייטע, — ווען איהר זעהט אזא אידעל, זאלט איהר וויסען זיין, אז דאס איז אברהם'ל.

איהר ווילט וויסען, אויב ער איז פערהייראט?

וואדען, ער איז ניט פערהייראט?

וואו נור א ליטוואק איז ער פערהייראט. און טאמער געפינט זיך א ליטוואק וואס זאגט, אז ער איז ניט פערהייראט, זאלט איהר וויסען זיין, אז ער איז יא פערהייראט...

הקיצור, אברהם'ל האט א ווייב מיט פיער קינדער און ער וואוינט ניט אין ריווערסייד דרייוו, ניט אין פינפטע עוועניו, ניט לעבען סענטראל פארק, ניט לעבען אן אנדער פארק.

וואו־זשעדען וואוינט ער?

אין קריסטיע סטריט, אין א טענעמענט הויז, אויפ'ן פער־טען פלאר.

איצטער, אז איהר זייט שוין גוט בעקאנט מיט אברהמ'ל און מיט זיין פאמיליע, און איהר ווייסט שוין וואו ער וואוינט, וועלען מיר אריבערגעהן צום עיקר, צו דער געשיכטע הייסט דאס.

און די געשיכטע האט צו טהאן מיט פסח, מיט'ן צווייטען סדר.

דערצעהלען איך, ווי שווער און ווי ביטער אברהם'לען איז אנגעקומען אריינצושלעפען דעם פסח אין הויז, קען איך ניט. ניט איך קען, ניט איך וויל.

עס וועט זיין גענוג צו זאגען, אז מצות האט מען איהם גע־שאנקען; וויין האט מען איהם געשאנקען; און קארטאפעל און ציבעלעס און שמאלץ און פלייש האט ער ניט געהאט; קיין טשי־זיין ווייב, ניט זיינע קינדער.

זיין ווייב, ניט זיינע קינדער.

וואס־זשע דען האט ער געהאט?

הארצוועהטאג: גריזאטע!

איז זיך דער דאזיגער אברהם'על געזעסען צום צווייטען סדר, אנגעלעהנט אויף דער לינקער זייט, ווי א מלך, זיין אידענע, די קעניגין, און די קינדער, די פרינצען און די פרינצעסינס, ארום טיש זיך איינגעהערט ווי זייער טאטע, דער קעניג, דערצעהלט די ניסים פון יציאת מצרים... ווי אמאל זיינען אידען געוועזען שקלאפען ביי פרעה'ן אין מצרים; האבען דארטען געבויט הייזער, שלעסער, געקנעטען ליים, געמאכט ציעגעל, זייערע קינדער האט מען איינ־געמויערט אין די שטיינער, און אזוי ווייטער און ווייטער.

איז געקומען משה רבינו און ער האט אויסגעלייזט די אידען פון דער שקלאפעריי... דערפאר פייערען מיר דעם יום־טוב פסח; דעם יום־טוב פון פרייהייט.

— — — — — — — — — — — —

די פרוי און די קינדער הערען זיך איין אין די געשיכטע, און די ליכטלעך אויפ'ן טיש האבען גענומען צאנקען... שפרינגען, טאנצען, גוסס'ען... מאטערען זיך... פינטלען און אט איז שוין איין ליכטעל אויסגעגאנגען... דאס צווייטע מאטערט זיך נאך... פונקט ווי א מענש... עס וויל נאך לעבען, שיינען, עס וויל ניט פערלאשען ווערען... עס גיט נאך א טאנץ, א שפרונג און — עס ווערט אויך פערלאשען — — — — — — — — — — — — —

בלייבט דער קעניג מיט דער קעניגין מיט די פרינצען און פרינצעסינס זיצען אין דער פינסטער...

בעפעהלט דער קעניג, אברהם׳ל, מיט א הוסטענדיגע שטימע:

— צינד אן די געז! ליכטיג זאל ווערען! יהי אור!...

נעהמט די קעניגין א שוועבעלע, שטעלט זיך ארויף אויף א בענקעל און וויל אנצינדען די געז — — — — — — — — — — — —

די געז ברענט ניט... עס כאפט זיך ניט אן... וואס איז דאס? וואס האט פאסירט? גאר ניט האט פאסירט... פארנאכט האט די געז־קאמפאני געלאזט פערמאכען אברהם׳לס געז־מיטער — — — — — — — — — — — —

מילא, פערפאלען!... און אברהם׳ל זעצט פארט די הגדה אין דער פינסטער און ער צווינגט זיך מיט׳ן פסח׳דיגען נגון:

„הוציאנו מעבודת לחרות, מיגון לשמחה, מאבל ליום טוב, ומאפלה לאור גדול...

הללויה!...“



## ניט קיין גרינער.



יהר ווילט וויסען פון וואס איך מאך א לעבען? פון וואס עס לאזט זיך. ווינציג פרנסות זיינען פאראן אין אמעריקא, ווינציג טריידס?

אין דער היים, אין מיין שטעדטעל, בין איך געווען א מלמד, א מלמד ווי אלע מלמדים. געהאט מיין אייגענס א שטיקעל כאלופקע, אן איינגעפאלען שטיבעל, מיט א צוריסען דעבעל, מיט א קליין פענסטעריל, וואס איז תמיד געווען פערשטאפט מיט א קישעלע; געהאט עטליכע תלמידים מיט פערשטאפטע קעפ, פון וועלכע איך האב בעקומען א לונגען־פעהלער. און חוץ דעם האב איך געהאט א ציעג און א אידענע.

האב איך זיך געמאכט א לעבען בכבוד... געגאנגען יעדען פרייטאג אין מרחץ, זיך אויסגעשוויצט, אויסגעפארעט, אויסגע־פרודיעט די קליידער לכבוד שבת, אהיים געקומען, גענומען א קע־לישיקעל בראנפען, און אוועק אין בית המדרש דאווענען.

זיינען אבער אויפגעקומען די יונגע, די היינט־וועלטיגע אי־דען, וואס לעזען גאזעטען. האבען זיי גענומען שרייען, אז א מלמד דארף קענען לערנען, אז א מלמד דארף קענען עברי, דארף געהן ריין אנגעטהאן און זיין א מענש — האב איך באלד איינגעזעהן, אז דאס מלמדות איז ניט פאר מיר, ניט פאר מייגע כוחות, בין איך געווארען אוים מלמד און אוועק אין אן אנדער שטעדטעל און גע־ווארען א חזן...

האט זיך אויסגעלאזען פון מיין חזנות דאס אייגענע וואס פון מיין מלמדות: די יונגע בעל־הבתים פון שטעדטעל, די אויפגע־

קלעהרטע, וואס האלטען זיך פאר גאנצע פילאזאפען, האבען גע־נומען שרייען, אז א חזן דארף קענען דאוונען; דארף האבען א שטימע; דארף בעזיצען נגינה און נאך אזעלכע זאכען.

האב איך גענומען טענה'ן צו זיי: חברה, וואס ווילט איהר פון מיין לעבען האבען? איך האב דען א שטימע און איך גיב אייך ניט? וואו זאל איך אייך נעהמען א שטימע? ווי קומט צו מיר א שטימע? ווייסט איהר דען ניט, אז איך בין אלע מיינע יאהרען געווען א דרדקי־מלמד, און מיין שטימע מיט מיינע לונגען זיינען געבליבען ביי די תלמידים? וואו זאל איך אייך נעהמען א שטימע? איבריגענס, וואו שטעהט דאס געשריבען, אז א חזן מוז האבען א שטימע? זאל זיך אייך דאכטען, אז איך האב א שטימע... דער עיקר איז דאך ניט די שטימע, נור די פורמקייט; און פרום בין איך מעהר ווי הונדערט אנדערע חזנים צוזאמענ־גענומען!

האבען זיי מיך אויסגעלאכט און מיר בעצאהלט דריי קערבּ־לעך פאר'ן ערשטען שבת דאוונען, און מיר געהייסען זוכען אן אנדער שטעדטעל.

בין איך אוועק צוריק אהיים, פערקויפט דאס שטיבעל, גע־נומען מיין אידענע מיט די קינדער און אוועק אין אמעריקא.

דא בין איך אויך געווארען א מלמד און געהאט דעם זעלבען סוף וואס אין דער היים. געקומען חברה פון די „מאדערנע שוה־לען" (ברענגען זאלען זיי!) און מיר גענומען דולען א ספאדיק, אז א מלמד דארף קענען לערנען מיט קינדער; פערשטעהן ווי צו ערציהען קינדער און נאך אזעלכע שאלעמויזען.

האב איך אויפגעגעבען דאס מלמדות און בין געווארען אין א קליין שטעדטעל, א שוחט... האבען זיך ווידער בעוויזען די זעל־בע אויפגעקלעהרטע, און מיר גענומען דרעהען א יארמולקע, אז א שוחט דארף פערשטעהן שחיטה; דארף קענען שעכטען; דארף האבען קבלה, און נאך אזעלכע פלאפלערייען.

וואס־זשע האבען זיי אויסגעפיהרט? בין איך געווארען אוים שוחט.

בין איך ארומגעגאנגען א שטיק צייט און זיך אויסגעשטרעקט פאר א ביסען ברויט. געזעהן, אז עס איז שלעכט, האט מיר א לאנדסמאן אן עצה געגעבען זיך נעהמען צו שרייבעריי. ווערען א שרייבער, הייסט דאס, אין די פייפערס. אלע אידען שרייבען — האט ער געזאגט — שרייבט אויך; אז זיי קענען, וועט איהר אויך קענען!

האב איך געפאלגט מיין לאנדסמאן און געווארען א שרייבער.

האט זיך אנגעהויבען דער אלטער טראבעל: חברה האט גע־נומען דרעהען א היטעל, אז א שרייבער דארף קענען שרייבען; אז א שרייבער דארף קענען „אויסלייגען", א שרייבער דארף הא־בען א שפראך; דארף האבען וואס צו זאגען, און נאך אזעלכע שמאכטעס.

האב איך באלד איינגעזעהן, אז דאס שרייבעריי איז ניט פאר מיר.

בין איך געווארען אוים שרייבער.

איצט טרעפט זיך מיר אנצונעהמען א שטעלע אלס ראבאי אין א רעפארמירטער שוהל. און אזוי ווי קיין עברי קען איך ניט, און שרייבען אויך ניט, און לערנען אויך ניט — דענק איך צו קריגען דעם דזשאב.

איך וועל שוין אין אמעריקא פאר הונגער ניט שטארבען!



# אין קוני איילאנד.



עטראפען האב איך דעם חזן אין קוני איילאנד פאה־רענדיג אויף הילצערנע פערדלאך.

שפעטער האב איך איהם געטראפען ציען־לענדיג הארטע בעללער א ניגער אין קאפ אריין, און פארנאכט האב איך איהם געטראפען שטע־הענדיג ביים ברעג ים. ער האט געקוקט אויף די האלב־נאקעטע פארלעך, וואס וואלגערען זיך ארום אין זאמד און אויף די מענשען, וואס באדען זיך און מאכען קונצען אין וואסער.

האט ער געזעהן, ווי א בחור לערענט שווימען א מיידעל, האט ער דעם בחור מקנא געווען; האט ער געזעהן ווי די יונגע לייט און מיידלאך באקען זיך אויף דער זון — האט איהם פער־דראסען למאי ער איז א חזן.

— העללאו מיסטער — האב איך איהם א קלאפ געטהאן אי־בער דער פלייצע — וואס טהוט איהר דא? וואס קעהר זיך אן א בעל תפילה מיט קוני איילאנד?

— איך בין אהער געקומען שעפען בעגייסטערונג... ווען איך זעה ווי יונגע לייט לערנען שווימען מיידלאך, ווי זיי מאכען קונ־צען, קלאפען מיט די פיס און פלושקען זיך — ווער איך אזוי גע־שטימט, אז איך גיב זייער פלושקען אריין אין מיין דאווענען און עס ווערט געבארען א נייער „ו נ ת ק ה  ת ו ק ף“, אדער א נייער „ע ל  ח ט א“... עפעס מוז דערפון ארויסקומען.

פאר־א־יאהרען, למשל, האב איך געזעהן, ווי א דארער יונ־גער מאן האט געלערענט שווימען א פעטער פרוי, איז דערפון ביי מיר ארויסגעקומען אז „אבינו מלכנו“.

איך בין דער וואגנער פון די חזנים. וואגנער, דער גרעסטער דייטשער מוזיקער, האט אלע זיינע מוזיקאלישע פערל גענומען פון דער נאטור. ער האט ניט געהאלטען פון נגונים. ער האט אין זיין מוזיק אריינגעגעבען די שטימע פון דונער, פון האגעל, פון ווינט און פון שטורעם...

דאס אייגענע איז מיט מיר. איהר הערט די כוואליעס ברומע? אט א דעם ברומען וועט איהר געקסטען ראש־השנה און יום־כפור טרעפען אין מיינעם א מוסף; איהר הערט דעם פלושק? אט א דעם פלושק וועל איך אריינשלעפען אין כל נדרי.

דא, אין קוני איילאנד, קריג איך אלע נוימיגע טענער וואס איך דארף פאר מיינע חזנות. אין אלע מיינע תפילות פיהלט זיך דער גערויש פון קוני איילאנד. ווען איהר הערט מיך, למשל, זאגען „הבן יקיר לי אפרים", וואלט איהר געשוואוירען, אז איהר שטעהט ביים ברעג ים און איהר זעהט הונדערטער באָיעס און מיידלאך פלושקענען זיך אין וואסער...

אט אזא חזן בין איך!



# חזנות און שניידעריי.



ייבי דער קאסטאמער שניידער, איז א שעהנער איד מיט א שעהנער בארד, פערשטעהט די שווארצע פינטעלעך און איז א שטיקעל בעל־תפילה.

דאס הייסט, קיין בעל־תפילה איז ער ניט, נור אז זיין חברה איז אין א נויט, דאווענט אייבי פאר'ן עמוד.

ווענען זיין שטימע זיינען פאראן צוויי פערשיעדענע מיינונגען: איינער זאגט, אז ער האט א שטימע, און איינער זאגט, אז ער האט ניט קיין שטימע.

מיין אייגענע מיינונג איז, אז זיין שטימע איז ניט שלעכט, ווען ער קריגט זיך מיט'ן דזשעניטאר און א קאפיטשקע בעסער, ווען ער שרייט אויף די קינדער, און נאך בעסער, ווען ער קריעגט זיך מיט זיין צווייטער פרוי.

מיט דער ערשטער פרוי האט ער זיך שוין לאנג אפגעקריגט...

האט מיר, אט דער אייבי, דערצעהלט ווי אזוי א חברה האט איהם אומזיסט און אומנישט אבגעמוטשעט עטליכע שעה אויפ'ן זייגער.

די מעשה איז אזוי געווען: ער האט אדווערטייזט אין א אידישע צייטונג, אז ער זוכט א שטעלע אלס בעל תפילה פאר די ימים טובים. ער איז צופריעדען אנצונעהמען אזא שטעלע פאר ביליג, מחמת ער דאווענט אהן א כאהר און ניט „פענצי“. ער האט פיינט צו מאכען „מאנקי ביזנעס“ מיט'ן דאווענען. ער דרעהט ניט קיין טרעלען; חזר'ט ניט איבער צעהן מאל איטליכס ווארט און

ער ציקעלט זיך נים. ער מאכט א פשוט'ען דזשאב. און וואס אנ־בעלאנגט טרעהרען — האט ער מעהר ווי מען דארף. זאל ער נאר קריגען זיין פרייז, וועלען שוין קיין טרעהרען ניט פעהלען. וואס ער פערגיסט טרעהרען ביי איין תפילה, פערגיסען דאס ניט אנדערע בעלי תפילות אין א יאהר צייט.

הכלל, ער האט בעקומען א בריעף פון א חברה, אז ער זאל קו־מען אויף „פראבע" אויב ער וועט אויסנעהמען וועט ער קריגען דעם דזשאב.

איז ער אוועק צום פרעזידענט פון דער חברה, האט מען איהם געהייסען קומען אויף דער נאכט צום מיטינג, ווען אלע מעמבערס וועלען זיין. איז ער געקומען ביינאכט.

אין האלל איז געווען היים צו דערשטיקט ווערען. די מעמ־בערס זיינען געזעסען מיט יארמולקעס אויף די קעפ און געשוויצט ווי די ביבערס, און דער פרעזידענט איז געזעסען אויבען־אן אין א קויטיג העמד, אהן א קאלנער, און זיך געפאכעט מיט'ן האמער...

א חוץ די היץ האט געשטיקט א שארפער רויך פון שלעכטען טאבאק און א מורא'דיגער שמויב.

אין דערמיט פון האלל, צווישען צוויי רייהען בענק, איז גע־לעגען אן אלטער „קארפעט" מיט לעכער, וואס יעדער איינער פלעגט זיך פארטשעפען א פוס און פאלען...

דער פרעזידענט האט איהם, אייבי'ן, פארגעשטעלט פאר די מעמבערס און זיי האבען איהם פיין אויפגענומען.

א מעמבער מיט א געשוואלענער באק האט געמאכט א פאר־שלאג, אז מען זאל סטאפען דעם „ביזנעס מיטינג" און זיך בעסער אמוזירען מיט'ן בעל תפילה...

— וואס הייסט ביי אייך אמוזירען? — האט געפרעגט דער פרעזידענט.

— אמוזירען הייסט גאר פשוט: מיר'ן בעטען דעם בעל תפילה ער זאל עפעס זאגען פאר אונז.

— אונטערשטיצט! אונטערשטיצט! — האבען זיך דער־הערט קולות.

האָט מען געסטאַפּט דעם מיטינג און דער פּרעזידענט האָט געהייסען דעם חזן „ווייזען וואָס ער קען"...

אייבי האָט זיך אויסגעהוסט, אָפּגעווישט דעם שווייס, אונ־טערגעשפּאַרט אַ פינגער אונטער'ן גאָרגעל און גענומען זאָגען „על חטא שחטאנו לפניך ביצר הרע"...

ער האָט דעם „על חטא" געזאָגט מיט אַזוי פיעל האַרץ, מיט אַזוי פיעל נשמה, אַז דער מעמבער מיט דער געשוואָלענער באַק האָט זיך צוכליפּעט ווי אַ קינד, און דער פּרעזידענט מיט די אַנ־דערע מעמבערס האָבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס, ווי זיי וואָל־טען זאָגען: „אַזוינס האָבען מיר נאָך קיינמאָל ניט געהערט"...

אַז ער, אייבי, איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן „על חטא", האָ־בען די מעמבערס פערלאַנגט נאָך: האָט זיי אייבי אָפּגעקנעלעגט אַ „ונתנה תוקף" נאָך מיט מעהר פייער. ער האָט די „ברידער" אַזוי צוואַרימט, אַז איינער האָט אָפּגעקנע'חלש'ט.

פון אייבי'ן האָט געדונגען דער שווייס טייכען־ווייז. ער איז געווען דורכגעווייקט ביז'ן העמד.

אָבער די מעמבערס האָבען אייבי'ן אַלץ ניט אָפּגעלאָזט, און ער האָט פאַר זיי געדאַרפט זאָגען נאָך זאַכען. ער האָט אַזוי פאַמעליך אָפּגעקנעלעגט פאַר זיי אַן „אנקת מסלדך", אַ „ראש חודש בענשען", און גאַר צולעצט — האָט ער געזאָגט „קדיש"...

ביז איינס אַ זייגער ביינאַכט האָט מען איהם אויפגעהאַלטען און איהם געמוטשעט. אַז אייבי איז פאַרטיג געוואָרען, האָט ער ניט געקענט שטעהן אויף די פיס פון שוואַכקייט, און הייזעריג איז ער געווען ווי די וואַנד.

די מעמבערס האָבען געפאָדערט ער זאָל דעם קומענדען שבת דאַווענען אין זייער שוהל, און ערשט נאָך יענעם דאַווענען וועט מען איהם זאָגען אויב ער וועט קריגען דעם דזשאָב אָדער ניט...

האָט אייבי איינגעשטימט.

געקומען שבת, האָט אייבי געדאַווענט אַזוי גוט ווי ער האָט געקענט. די שטימע איז געווען אין „אַ גוטען צושטאַנד" און ער

האט אויסגעפּרעסט א „מוסף'ל" וואס האט געמעגט איינשטעהן אין פינפטע עוועניו...

נאך'ן דאוונען איז צוגעקומען דער פּרעזידענט צו אייבי'ן און איהם געדריקט די האנד, און איהם געזאגט, אז ער דאווענט זעהר גוט. נור... עס טהוט איהם זעהר לייד, וואס מען קען איהם ניט אנשטעלען...

— פארוואס? — האט אייבי געפרעגט.

— דערפאר... וואס מיר האבען שוין א חזן...

— למאי האט איהר מיר דאס פריהער ניט געזאגט? — האט זיך אייבי געבייזערט.

— איך האב אייך ניט געוואלט שטערען — האט דער פּרעזידענט געענטפערט.

און אייבי האט אפגעענדיגט מיט א זיפץ:

— אמעריקא...ביידע טריידס ליגען דא אין דר'ערד: אי דאס שניידעריי, אי דאס חזנות.



# האַט זיך פיינט צו אדוועריטייזען.



יך בין ניט אזא חזן ווי אלע אנדערע חזנים, רבותי! אנדערע חזנים גלייכען זיך צו בומען, צו אדוועריטיי־זען, זיך צו „פושען“, שרייבען ארטיקלען וועגען זיך אין די צייטונגען — אָבער איך בין ניט פון די דאָ־זיגע חזנים. איך האָס דאָס, איך האָב עס פיינט ווי חזיר. איך וועל בעסער ווערען א ו י ס חזן איידער זיך אד־וועריטייזען.

נאָך אַ מעלה האָב איך: איך האָב פיינט ארונטערצורייסען אנדערע חזנים און זיך אליין לויבען ביז'ן הימעל אריין! דאָס איז ניט מיין טבע.

וואָס אַנבעלאַנגט וועגען זיך, קען איך אייך נאָר זאָגען אַט וואָס:

„רבותי! לאָזט זיך ניט בלאָפען פון אנדערע חזנים! זיי פערשפּרעכען אייך אַ סך און גיבען אייך אַ מכה! ניטאָ קיין איין לייטישער מענש צווישען די־היגע חזנים, סאמע זשוליקעס!

ווי געזאָגט, ליגט ניט אין מיין טבע ארונטערצורייסען אנדערע חזנים. אָבער ווען איך זאָל וועלען, וואָלט איך געהאַט צו זאָגען וועגען זיי גענוג מיאוס'ע זאַכען. נאָר איך וויל ניט; איך האַלט פון דעם כלל: „משעפּע מיך ניט און איך וועל דיר ניט טשעפּען“. ווען ניט דער כ ל ל וואָלט איך אייך בעוויזען ווי צוויי מאָל צוויי איז פיער, אַז צווישען אלע היגע חזנים איז ניטאָ אייגער אַ רעכ־טער. ניט זיי קענען עברי, ניט זיי פערשטעהען נאָטען, ניט זיי האָ־בען שטימען, גאָר ניט. רעגעלע דראַנגען! אפילו מיט זייערע פרויען לעבען זיי אויך ניט ווי עס פּאַסט זיך פאַר חזנים.

וואס איך בין אויסען, איז בלויז צו לאזען וויסען די אידען וואס געהען אין שוהל און ווילען הערען א גוטען חזן, אז איך הגנב זיך פיינט צו אדוועטייזען.

דאס אלעס וואס איך בין אויסען. ווייטער זאלען זיי זיך אלע שלאגען קאפ אן וואנט!

רבותי! נאך עטליכע ווערטער און איך וועל זיין פארטיג:

אויב איהר ווילט הערען אן אמת'ן חזן, ניט קיין געבלאפטען, נאר א חזן וואס האט צו זיך קיין גלייכען ניט אויפ'ן גאנצע ערד־קוגעל, זאלט איהר מיך קומען הערען! מיין שטימע איז א פלייט. מיין האלז — א פידעל, מיין גארגעל — א צימבעל און איך אליין בין א גאנצער ארקעסטער. אז איך דאווען, פאלען מענשען ווי פליגען.

ווי געזאגט, וויל איך זיך ניט אדוועטייזען. נאר אזוי ווי איך האלט שוין אין שרייבען, וועל איך אייך בלויז זאגען דאס, וואס עס מוז געזאגט ווערען.

אנדערע חזנים זאגען פרעמדע שטיקלעך, גע'גנב'עטע, און איך זאג אייגענע, פון מיין אייגענעם קאפ, אדער איך מאך איבער געוויסע זאכען פון אפעראס.

גנב'ענען האב איך פיינט!

למשל, ביי מיר איז פאראן א „מכלכל חיים" איז ער אין גאנ־צען גענומען פון דער אפערא „קארמען"; ווייטער האב איך א „זכרנו לחיים" איז ער גענומען פון „אאידא", אפילו מיין כורעים פאלען איז אריגינעל.

אנדערע חזנים זאגען אייך צו 80 משוררים און גיבען אייך 12, און איך זאג אייך גאר ניט צו און וועל אייך געבען הונדערט מיט צוואנציג. אלע אפערא זינגערס!

אידען! קומט צו מיר, ווייל איך קום צו אייך! דאוועגט ביי מיר, ווייל איך דאווען ביי אייך. האט מיך ליעב, ווייל איך האב אייך ליעב. זייט מיט מיר שטאלץ, וועל איך זיין שטאלץ מיט אייך! קויפט טיקעטס און דאצאל!

רבותי! ווי איך האב אייך שוין א פאר מאל בעמערקט, האב

איך זיך פיינט צו אדוועָרטייזען. נאָר זאָגען זאָג איך אייך, אז אלע חזנים פון אמעריקא מעגען פאַר מיר די כפרה ווערען! זיי זיינען ניט ווערטה כיין קלענסטען נאָגעל! שוסטערס זיינען זיי, ניט קיין חזנים! און דאס וואס מען דערצעהלט אייך, אז מען האט מיר פאַר א יאָהרען נאָך „כל נדרי“ דערלאַנגט קלעפּ, איז ניט אמת! דער אמת איז, אז איך האָב מעהר דערלאַנגט ווי בעקומען. דער גבאי, וואס האט מיך געשלאָגען, איז סך הכל א שוואַך אידעל! איידער ער הט מיר דערלאַנגט איין קלאַפּ, האט ער אריינגעכאַפּט דריי... אזא סוואַלאַטש! ער געהט מיר דערצעהלען, אז איך קען ניט דאַוונען!

הכלל, רבותי, ווי איהר זעהט, בין איך ניט פון די חזנים וואס לאָזען זיך אריינשפּייען אין דער קאַשע.

ווייטער האָב איך ניט וואס צו זאָגען. איך האָף, אז איהר וועט מיר „פּאַטראָנייזען“ און קומען דאַוונען אין מיין שוהל, וואס האט א גרויסען נאָמען. אלע קאָרס, אלע עלעווייטערס און אלע סאַבוויים וועלען אייך אהין ברענגען. ברענגט אויך מיט אייערע פרויען!

פון מיר אייער בעליעבטער חזן ב א ר נ ע ק י ד ו ש מ א כ ע ר, וואס ווינשט אייך א גליקליכעס יאָהר, אמן.



# רבונו של עולם'ס.



יהר פרעגט וואס איך טהו? — **וואס זאל איך טהאן?** איך פארפאס אידישע תפילות. אמאל אין די איב־גערע יאהרען, בין איך געווען א חזן אין **באהוש.** א שטעדטעל אזעלכעס וואס מען רופט באהוש, מחמת דארט האט אמאל געלעבט דער באהושער רבי... פון מיינס א דאוונען פלעגען מענשען אויסגעהן ווי ליכט. האט מיר איין מאל אן אונגליק געטראפען: מיין קול האט זיך איבערגעריסען אויף צוויי העלפטען. דער האלז האט אנגעהויבען צו כריפען, ווי א טעמפע זעג. האט מען מיר אבגעזאגט פון דער שטעלע. באהוש'ער בעל הבתים האבען גע'טענה'ט, אז זיי ווילען ניט קיין הייזעריגען חזן.

האב איך פערקויפט דאס שטיבעל מיינס, און אוועק מיט ווייב און קינדער אין אמעריקא. דאך, ווי זאגט איהר, א רייך לאנד. אבער צו וואס נעהמט מען זיך? וואס קען טהאן אין אמעריקא א חזן אהן א שטימע? האט מיר א באהוש'ער איד, מיינער א חבר פון דערהיים, געהייסען ווערען א פערפאסער פון תפילות. אזוי ווי חזנות פערשטעה איך, און לעזען נאטען לעז איך, זאל איך פער־פאסען תפילות פאר אזעלכע חזנים וואס קענען ניט קיין נאטען. וואס דארפען אנקומען צו פרעמדע תפילות. אבער וואס פאר א תפילות זאל איך פערפאסען? — האב איך געפרעגט מיין לאנדס־מאן. האט ער מיר געהייסען פערפאסען „רבונו של עולם'ס". האב איך געפאלגט מיין לאנדסמאן און ארויסגעשטעלט א שילד:

„דא ווערען געמאכט רבונו של עולם'ס זעהר ביליג".

און — געלויבט איז גאָט דערפאַר: אַז אַ חזן דאַרף האָבן אַ „רבונו של עולם", מוז ער אָנקומען צו מיר. מיינע „רבונו של עולם'ס" זיינען די בעסטע אין מאַרקעט. קומט זיך איין מאָל אַריין צו מיר אַ אידעל מיט אַ ווייס קראַוואַטעל און פרעגט מיר, אויב איך בין דאָס דער איד, וואָס מאַכט ביליגע רבונו של עולם'ס? זאָג איך איהם, אַז איך בין דאָס. זאָגט ער: אויב אַזוי, זאָל איך איהם דערווייל מאַכען אַן „אל מלא רחמים". און אויב דער „אל מלא רחמים" וועט איהם געפעלען, וועט ער ביי מיר בעשטעלען אַ „רבונו של עולם" אויך. פרעג איך איהם וויפיעל וויל ער ספּענדען אויף אַן „אל מלא רחמים", ענטפערט ער מיר: ניט קיין סך, ביי אַ טולער מיט אַ קוואָדער, ער קען מעהר ניט ספּענדען, מחמת ער איז אָרעם און ער אַרבייט פאַר אַן אָרימע חברה: בעלי־מלאכות. זאָג איך: אַל־רייט, לאָזט אַ דעפּאָזיט. האָט ער מיר געלאָזען אַ האַלבען דאָלאַר אַ דעפּאָזיט און מיך געבעטען איך זאָל מאַכען אַ גוטען דזשאָב: די ווייבער זאָלען אַ סך וויינען.

הערט זשע דעם סוף. ווי נור איך האָב זיך אָוועקגעזעצט מאַכען דעם „אל מלא רחמים", אהאַ, ווידער אַ חזן! וואָסי? „גאָר נימ" — זאָגט ער — „איך וויל האָבען אַ נייעם רבונו של עולם". וואָס הייסט — זאָג איך — איהר ווילט האָבען אַ נייעם רבונו של עולם? און דער אַלטער טויג ניט?

„דעם אַלטען רבונו של עולם" — זאָגט ער — „ווילען שוין די אידען נים הערען — ער האָט זיך זיי שוין צונעגעסען".

„ווי לאַנג", פרעג איך, „האָט איהר „געניוזט" דעם אַלטען רבונו של עולם?"

„זעהר לאַנג!" האָט געענטפערט דער חזן, שפּיעלענדיג זיך מיט'ן גאָלדענעם קייטעל פון זייגער.

„ווילט איהר, הייסט דאָס, אומבעדינגט האָבען אַ נייעם רבונו של עולם?"

„יאָ", ענטפערט ער.

„וויפיעל", פרעג איך, „ווילט איהר ספּענדען פאַר אַ נייעם רבונו של עולם?"

האט ער זיך א גלעט געטהאן איבער'ן בייכעל און געענטפערט:
„ניט מעהר ווי א דרייערל!"

„מאכט זיך ניט נאריש", זאג איך, „וואס פאר א רבונו של עולם קען מען היינט קריגען פאר דריי טולער?" האט ער מיר צוגעזאגט נאך א טולער. זאג איך: „מיסטער, דינגט זיך ניט! ניט אלע מאנטאג און דאנערשטאג מאכט מען נייע רבונו של עולם'ס! אדער א פינפעריל אדער גאר נישט!" איז ער איינגעגאנגען אויף די פרייז און מיר געפרעגט, אויב דער רבונו של עולם וועט כאטש זיין א גוטער. „וועגען די גוטסקייט דארפט איהר", זאג איך, „קיין יסורים ניט האבען. אז איך טאק אפ א רבונו של עולם, מעג ער איינשטעהן אין פאריז!"

האט ער מיר געלאזען א טולער האנד־געלד און זיך געהייסען פארטיג מאכען דעם רבונו של עולם אויף מארגען ניין א זייגער אין דער פריה. אלל־רייט, זאג איך, איהר'ט איהם האבען אין צייט. איז ער אוועק און מיר געזאגט „גוד־באי".

— גוד־באי! — זאג איך — געהט געזונטערהייט, זאל אייך גאט העלפען איהר זאלט קענען בעשטעלען אלע וואך א נייעם רבונו של עולם. „אמן!" האט ער געענטפערט און איז אוועק.

הא? איך הער ניט!... איהר ווילט וויסען ווי לאנג עס דארף מיר נעהמען צו מאכען א נייעם רבונו של עולם? א פאר שעה. איך האב שוין אמאל געמאכט א רבונו של עולם אין א האלבע שעה אויך, אבער יענער איז געווען א בילינגער. איך האב איהם פער־קויפט פאר צוויי טולער און נאך געמוזט צוגעבען א „מכלכל חיים". אט אזוי ווי איהר הערט, הארעוועט מען שווער און ביטער פאר'ן שטיקעל ברויט.



# א פרעהליכער שמחת תורה.



אס איז געווען דער פרעהליכסטער שמחת תורה אין מיין לעבען. אמת, איך און מיין טאטע האבען דאן געכאפט פעטש ווי האלץ, אבער פרעהליך איז געוועז.

שטעלט זיך פאר: ארימע, נידערגעשלאגענע, אויסגעהונגערטע פרומע אידען האבען ניט געוואלט מאכען קיין הקפות. זיי האבען פשוט ערקלעהרט א סטרייק.

ארויסגעקומען איז דאס דערפון, וואס דער גבאי פון שוהל האט ניט ריכטיג אויסגעטהיילט די הקפות. די קליינע ספרי־תורה'לאך מיט די אבגעריסענע מענטעלאך, מיט די צובראכענע „עץ־חיים'לעך", האט ער אויסגעטהיילט צו די קבצנים, און די גרויסע ספרי־תורות, מיט די רויטע פלושענע מאנטלען, מיט די גאלדענע קרוינען און זילבערנע גלעקלאך, האט ער אויסגעטהיילט צו די רייכע, די אנגעפרעסענע בייכער.

האט דאס די קבצנים שטארק פערדראסען! סטייטש, די נגידים, די פראצענטניקעס, וואס רייסען די הויט פון טויטע און פון לעבעדיגע, וואס האלטען די גאנצע שטעדטעל פאר'ן גארגעל, זיי גיט מען די שעהנע, די נייע ספר תורות, און זיי, די קבצנים, די אמת'ע עהרליכע מענשען רוקט מען אריין די אלטע, די פערשטויבטע ספרי תורות. פאר וואס קומט עס זיי? און — דער סטרייק האט אויסגעבראכען! דער טאטע מיינער איז געווארען דער סטרייק־פיהרער און איך האב איהם ארויסגעהאלפען.

איך געדענק, ווי דער טאטע מיינער האט זיך ארויפגעשטעלט אויף א באנק, דאס שטריימעל פערדרוקט אויפ'ן פאטילניצע, די בעקעשע צושפילעט און די אויגען האבען געשאסען מיט פייער.

— אידען! — האט ער אויסגעשריען — אידען! איך היים איך היינט ניט געהן מיט די הקפות! זאל דער חזן מאכען די הקפות מיט די פראַצענטניקעס, מיט די פיאווקעס! וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אזא אקט? אַליץ שפּאַרט מען אריין אין די רייר בע: די בעסטע געגנ און קאמשקעס קומען אַן צו זיי; די בעסטע פיש — צו זיי; די בעסטע וויין — צו זיי און די בעסטע הקפות אויך צו זיי! אפילו אין אַ מקום קדוש, אין גאָט'ס הויז, מאכט מען אויך אַן אונטערשיעד צווישען רייך און ארים: ד'אַ פיהרט מען אונז אויך פאר דער נאָז? — — — —

— אמת, אמת, אמת — האָבען די אַרימע, נידערגעשלאָגענע אביונים אויסגערופען — גאָלדענע ווערטער!

אז דער טאטע איז פערטיג געוואָרען מיט די רעדע, האָט אויסגעבראָכען אַ מלחמה אויף טויט און לעבען. וואו אַ באַק האָט זי געכאַפּט פּעטש; וואו אַ באָרד איז זי נעלם געוואָרען פון פּנים. עס איז געווען פרעהליך! און אזוי ווי איך האָב זיך אויך ארומגער פּלאָנטערט צווישען עולם, האָט מען מיר אויך מכבד געווען מיט עטליכע פּעטש.

אָבער אז איך האָב געזעהן, ווי מען טראָגט אהיים די עט־ ליכע נגידים מיט דעם גבאי, מיט אויסגעפּליקטע בערד, איז מיר צוגעקומען אַ שטיק געזונד!

אז די שוהל איז פּטור געוואָרען פון גבאי מיט די פּאסקודנע פּראַצענטניקעס, האָבען די קבצנים זיך איינגעטהיילט מיט די שעהנע ספרי תורות און מען האָט געמאַכט הקפות.

דאָס זיינען געווען די פרעהליכסטע הקפות אין מיין לעבען. דער טאַטע מייגער האָט נאָך די הקפות צוזאמענגענומען אלע קבצנים, די סטרייקערס הייסט דאָס, און זיך אוועקגעלאָזט מיט זיי אַ לוסטיגען טאנץ — — —



# צו כל נדר.



ישעל איז דעם גאנצען יאהר א פרעסער. ער איז אויך און איבערגעגעבענער יוניאן מאן. קומט א סטרייק, פיהלט ער זיך ווי א פיש אין וואסער: לויפט ארום פון איין מיטינג לאקאל אין צווייטען און רעדט און אגיטירט אלץ לטובה דער יוניאן.

צום פיקעטען איז ער אימער דער ערשטער, און סקעבס האסט ער, ווי דעם טויט!

ביי איהם איז דא א ווערטעל, אז א סקעב און א מענש זיינען צוויי בעזונדערע זאכען.

קומט ראש חודש אלול, ווערט פישעל א בעל־תפילה.

האט פישעל בעקומען א שטעלע פאר ימים נוראים. פריין פופציג דאלאר.

דעם ערשטען טאג ראש השנה האט ער געמאכט א „היט". דעם צווייטען טאג איז ער געווען הייזעריג. אבער דער עולם האט עס שטארק ניט געפיהלט, ווייל די שטימע איז כמעט געווען די זעלבע... פערקעהרט, דער גבאי האט גאר גע'טענה'ט, אז ווען פישעל איז הייזעריג, איז זיין שטימע נאך בע'טעמ'ער, געשמאקער...

ערב יום כפור, בעת פישעל איז געגאנגען צו כל נדרי, האט איהם אויפ'ן וועג אבגעשטעלט נחום, אויך א פרעסער:

— דו ווייסט, פישעל, אז ביי דער חברה וואו דו ביזט חזן, דאווענען דריי סקעבס?

— וואס? — איז פישעל געווארען א פערציטערטער — איך דאווען פאר סקעבס? איך בעט גאט, אז ער זאל צושיקען

— איינער איז ווע‌לוועל טראַמבעניק; דער צווייטער איז יאַשקע טרעמפּ און דער דריטער איז מאַיק דער פּיאַניצע.

— און פאַר דיזע סקעבאַטשעס בין איך דאָס אַ שליח ציבור? פון וואַנען ווייסטו, אַז זיי דאַוונען ביי דער זעלבער חברה וואו איך בין חזן?

— ווייל איך האָב זיי געזעהן אריינגעהן מיט צעהן מינוטען צוריק.

— אויב אזוי, — זאָגט פישעל — וועל איך היינט קיין כל נדרי ניט זאָגען, סיידען מען וועט די סקעבאַטשעס ארויסוואַרפען פון שוהל.

און אזוי איז טאַקע געווען:

פישעל איז אריין אין שוהל, זיך אָנגעטהאָן דעם קיטעל מיט'ן טלית, אַ שווארצע יאַרמולקע אויף זיין האלב־גרויען קאָפּ און איז צוגעגאַנגען צום עמוד.

עס איז געוואָרען שטיל. עס האָט זיך בלויז געהערט ווי עטליכע ווייבער, אין דער ווייבערשער אָבטהיילונג, וויינען.

דער שמש האָט געעפענט דעם ארון קודש און ס'איז געוואָרען נאָך שטילער.

אָבער פישעל דער פּרעסער האָט אויך געשוויגען. ער איז געשטאַנען בלאָס ווי אַ מת.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט זיך דער אַלטער פּרעסער אומ־געקעהרט מיט'ן פּנים צום עולם און אויסגערופען מיט אַ נער־ווען קול:

— אידען! איך וועל היינט ניט זאָגען כל נדרי, ווייל דאָ, אין מקום קדוש, געפינען זיך דריי סקעבאַטשעס! אויב איהר ווילט, אַז איך זאָל זאָגען כל נדרי, מוזט איהר די סקעבאַטשעס ארויס־וואַרפען פון שוהל! איך בין אַן עהרליכער יוניאָן מאַן און איך וויל פאַר קיין סקעב ניט זיין קיין שליח ציבור. איך בעלאַנג שוין אַכטצעהן יאָהר צו דער שניידער יוניאָן און איך האָב נאָך קיינמאָל מיט קיין סקעבס ניט געאַרבייט און ניט געדאַווענט. ווילט איהר דען, אַז איך זאָל אויסבעטען פאַר זיי אַ גוט יאָהר? אַט פאַר די

פערקויפטע נשמות וואס העלפען די באסעם פערהונגערען ארימע ארבייטער? אידען, איהר זייט דאך עהרליכע מענשען, מיט ווארימע אידישע הערצער, האב איך רעכט, צי ניין?

— אלבעטשע! — האט אויסגערופען דער אלטער שמש

— אודאי האט דער חזן רעכט! — האבען געשריען אנדערע אידען — אודאי רעכט!

האבען אידען אין קיטלען און טליתים גענומען שרייען מיט קולות:

— ווארפט זיי ארויס, די סקעבס! ווארפט זיי ארויס!
און מען האט זיי ארויסגעווארפען.



# אמעריקאנער מלמדים.



שפאס, האבען מיר א טעם די היגע מלמדים! ס'מזל אויף זיי.

זעקס יאהר איז מיין אייבי געגאנגען אין חדר. דער מלמד האט מיר איינגערעדט, אז ער וועט פון מיין אייבי'ן מאכען א רב.

לאזט זיך אויס, אז ווען מיין אייבי איז בר־מצוה געווארען און געדארפט אין שוהל זאגען די הפטורה, האט ער ניט געקענט. דאס הייסט, געקענט האט ער, אבער ניט די הפטורה.

מילא, טראכט איך מיר: די הפטורה איז העברעאיש, און העברעאיש איז זיך שווער אויסצולערנען פאר א קינד. אבער דאוונען? געה איך אוועק צום מלמד און פרעג איהם. ענטפערט מיר דער מלמד, אז דאוונען איז אויך העברעאיש.

זאג איך: זאל ער כאטש קענען עברי? — עברי — ענטפערט דער מלמד — איז אויך העברעאיש.

— און וואס איז מכח „קמץ אלף?"

— „קמץ אלף" איז אויך העברעאיש — ענטפערט דער מלמד.

— טא זאל זיין, זאג איך, אז ער קען גאר ניט קיין אידיש־קייט; אבער שרייבען א אידיש בריוועל דארף ער דאך קענען?

— די היגע לויפערס זיינען צו טעמפ צו די זאכען. זייערע קעפ קענען דאס ניט איבערנעהמען.

— טא וואס האט ער געטהאן ביי אייך די גאנצע זעקס יאהר?

— וואס הייסט וואס? ער האט געלערענט!

— ער קען דאך אבער גאר ניט.

— ער קען אזוי פיעל, וויפיעל אלע מיינע תלמידים קענען, ניט מעהר און ניט ווינציגער.

— איהר האט דאך מיר צוגעזאגט מאכען פון איהם א רב?

— איך האב געטרייעט מיין בעסט, אבער ס'איז ניט געגאנ־גען. נור האבען עגמת נפש דערפון דארפט איהר ניט. אזוי פיעל וויפיעל א רעפארמער־ראבינער קען, וועט ער עניטיים קענען.

— אבער מיין אייבי קען דאך לחלוטין גאר ניט.

— די רעפארמער ראבינער קענען אויך גאר ניט.

— מא נאך וואס האט מיר געלוינט אויסגעבען אויף איהם אזוי פיעל שכר לימוד?

— וואס זשע האט איהר געוואלט, אויסבילדען א קינד אהן געלד? בילדונג איז זעהר א טהייערע זאך! אט לערענט שוין ביי מיר א בחור'ל דאס צעהנטע יאהר, און ער קען נאך וועניגער ווי אייער אייבי. און זיין טאטע צאהלט מיר א גרעסערען פרייז פון איך! ווידער צוריקגעשמועסט, וואס האט איהר דא פערלוירען? וויפיעל איז ווערמה וואס איהר האט אייער תכשיט ניט גע־האט אין הויז צוויי שעה א טאג? ווען איהר נעהמט צונויף אלע שעה'ן פון די זעקס יאהר, בעטרעפט דאס אזוי גרויס ווי — לאמיר די זאך ריכטיג בערעכענען (דא האט דער מלמד געמאכט דעם חשבון און מיר צוגעטראגען דאס צעטעל): איהר זעהט וויפיעל דאס בעטרעפט? פיער טויזענד גיין הונדערט און צוויי און נייג־ציג שטונדען! שטעלט אייך פאר, וויפיעל ערגערניש, הארץ־וועה־טאג, גריזאטע, אייער אייבי וואלט אייך פערשאפט אין אזוי פיעל שטונדען! און איך האב אייך אט די אלע טראבעל איינגעשפארט! — קומט איהר זיך צוגעהן און איהר האט נאך צו מיר טענות! און ווען איך זאל אפילו וועלען צוגעבען, איז איהר האט געספענט א פאר הונדערט דאלאר, טא איז וואס? גאר ניט! איך בין דאך עפעס א איד, און א פערהייראטער איד, און לעבען דארף מען, און דער יקרות איז גרויס, און א ווייב איז דא און קינדער איז אויך פאראן. און עסען ווילען זיי; און שיך און קליידער דארפען זיי;

און אויב ניט אזעלכע בעלי הבתים ווי איהר, פון וואנען וואלט איך גענומען פרנסה? און ווידער צוריקגעשמועסט: ווען אייער אייבי וואלט שוין יא געקאנט דאוונען, וואלט ער דען געדאוונט? האט איהר שוין געזעהן א סך הינע קינדער זאלען דאוונען? אפשר איינער פון צוואנציג טויזענד! און דער איינער דאווענט אויך ניט! טא וואס זשע האט איהר דא פערלארען? און וואס לויגט זיך דאס שרייען אייערס וואס איהר שרייט! איהר האט צייט, הייסט דאס, שרייט איהר! ווען איהר וואלט געהאט מיינע דאגות, וואלט איהר ניט געשריען! נור גאר ניט, זאל מיינם איבערגעהן; וואס זאגט איהר: עס פערדריסט אייך? אויב אזוי, זייט איהר דאך א שוטה! א קלוגער מענש גריזשעט זיך ניט פאר יעדע פיצעלע. וואס, איהר זידעלט מיך גאר? איז דאך ניטא וואס צו רעדען מיט אייך; זייט איהר דאך א גראבער נפש; א מענש וואס טשעפעט זיך צו די גלייכע ווענד. האסטו געהערט אזוינם? איינער וואלט געדענקט, אז מען ווערט גליקליך פון אייך! איך בין א סאקער? איך? שוין ארוים פון מיין שטוב! איך האב פיינט צו האנדלען מיט פראסטאקעס! ניט אומזיסט, האט אייער אייבי אזא פערשטאפטען קאפ. וואס פאר א טאטע, אזעלכע קינדער. דאס עפעלע פאלט ניט ווייט פון'ם בוימעלע. אז דער טאטע איז א בעל עגלה, איז דער זוהן א שמייסער.

אונזערע חכמים האבען טאקע געזאגט, אז פון א חזיר'שען עקעל קען מען קיין שטריימעל ניט מאכען. לאנג לעבען זאלען אונזערע חכמים! וואס זיי האבען געהאט שכל אין מיגדעסטען נאגעל. האט איהר דאס ניט אין אייער קאפ!

— — — — — — — — — — — —

אויף מארגען בין איך אוועק אין שוהל דאוונען. האבען מיר ארומגערינגעלט אפשר דרייסיג מלמדים, און מיך געמאכט צו אש און צו בלאטע. איהר פרעגט פאר וואס? פאר גאר ניט! דערפאר וואס איך האב בעליידיגט זייערען א חבר.

# נחת פון זיין אייניקעל...



ער מלמד ר' סענדער איז א שלאפער איד, אהן א הארץ און אהן לונגען. ווען ער זאל זיך, למשל, דארפען שלאגען מיט א פליעג, וואלט איהם די פליעג בייגעקומען.

ר' סענדער האט אויך אסטמא. ביי איהם איז רעכט ארומגעהן אמאל א טאג צייט און ניט הוסטען, און אמאל, אז עס פערגלוסט זיך איהם, קען ער אזוי אוועקהוסטען א האלבען חודש כסדר.

אט דער ר' סענדער האט א זוהן אין אמעריקא. דער זוהן איז אן אלל־רייטניק, האט א ווייב מיט צוויי קינדער — א מיידעל פון 15 יאהר און א באי פון 17 יאהר. דאס מיידעל הייסט סיידי און דער באי דזשאו.ביידע געבארענע אמעריקאנער. סיידי קייט טאג און נאכט טשואינג גאם און דער בחור שטעהט אויפ'ן קארנער און פייפט א ליעדעל. שטארק איז ער ווי א מויער; מאסעלס האט ער ווי די שטיינער.

האט ר' סענדער געשריבען א בריוועל, אז ער וויל קומען אין אמעריקא; אז ער וויל שטארבען אויף די הענד פון זיין זוהן און זיינע ליעבע אייניקלאך.

האט איהם דער זוהן געשיקט א שיפסקארטע מיט געלד און ר' סענדער איז געקומען אין אמעריקא.

פון עלים־איילאנד האט איהם דער זוהן מיט אן אויטאמאביל אבגעפיהרט צו זיך אהיים, און איהם פארגעשטעלט פאר זיין פרוי און קינדער.

האָט זיך די שנור פּערקרימט און די „די ליעבע אייניקלאָך“ האָבען אויסגעשאָסען אַ געלעכטער.

דזשאָו האָט בעמערקט: „ווען איך האָב אַזאַ טאַטען, וואָלט איך איהם גע'הרג'עט“.

ר' סענדער איז געבליבען ביי זיין זוהן אין הויז. מען האָט איהם געמאַכט אַ הייסע וואַנע, אָנגעטהאָן פרישע וועש, אַ נייעם סוט און אַ שוואַרצען סאַמעטענעם קאַפּעלוש. ער האָט אויסגע־זעהן ווי אַ רב'ל.

דעם ערשטען זונטאָג האָט דער זוהן, לכבוד דעם טאַטען, געמאַכט אַ שטיקעל „פּאַרטי“. ער האָט איינגעלאַדען לאַנדסלייט און מען האָט זיך פיין משמח געווען.

אין מיטען דער שמחה געהט צו דזשו צו זיין גרינעם זיידען, טהוט איהם אַ טאַפּ ביים האַנד און פרעגט איהם, אויב ער האָט אַ האַרטען מאַסעל.

פרעגט ר' סענדער זיין זוהן, וואָס דזשאָו וויל, ענטפערט דער זוהן: דזשאָו וויל וויסען אויב דו ביזט אַ שטאַרקער, אויב דו האָסט שטאַרקע מוסקולען.

האָט זיך ר' סענדער צולאַכט. ווי איינער רעדט: מעהר פעהלט מיר ניט ווי שטאַרקע מוסקולען...

דאַ האָט זיך דזשאָו אויפגעקאַשערט אַן אַרבעל, איינגעבויגען פאַמעליך די האַנד און אַ זאָג געטהאָן צום זיידען:

— זעהסט אַ מאַסעל? אָט דאָס הייסט אַ מאַסעל! אַ־נו, זיידע, גיב נור אַ טאַפּ!

טאַפּט דער זיידע אָן זיין אייניקעל'ס מאַסעל און פרעגט:

— וואָס עפּעס אַזוי האַרט? אוודאי אַריינגעלעגט אַ שטיין, האַ?

דזשאָו לאַכט און בעט זיך ווידער ביים זיידען, ער זאָל איהם אַ טאַפּ טהאָן דעם מאַסעל. זעהסט, זאָגט דזשאָו, פונקט ווי ביי דזשאַנסאָן און ווילאַרד.

— ווער זיינען דאָס די אידען? — פרעגט ר' סענדער.

— דאָס ניט אידען! — ענטפערט דזשאָו מיט שטאָלץ —

דאָס פריין פייטערס, אַמעריקאַנער; זיי האָבען אויך אַזוינע מאַ־סעלס ווי איך.

— העֶ... העֶ... — צושמייכעלט זיך ר׳ סענדער — איך האָב געמיינט, אַז ער רעדט דאָ וועגען ליטווישע מענשען, וועגען רבנים דיינים; וועגען אַ ר׳ יצחק אלחנן, אַ ווילנער גאון. צום סוף דרעהט ער מיר גאָר אַ ספּאָדיק מיט אַ דזשאַנסאָן, טמאַנסאָן.

אָבער דזשאָו טרעט אַלץ ניט אָב פון זיידען און ווייזט איהם דעם רעכטען מאַסעל.

ווערט שוין ר׳ סענדער אַביסעלע אין כעס און רופט אויס־

— פע! צו וואָס טויג עס דיר? נאָך וואָס דאַרפסטו דאָס? ווייז מיר בעסער, אַז דו קענסט דאַווענען, לערנען אַ פּרשה חומש, אַ בלעטעל גמרא... וואָס טויג דיר מאַסעלס, וואָס? וועסט זיי דען מיטנעהמען אויף יענער וועלט? אוי, אוי, אוי... אונזער הייליגער פּרק זאָגט, אַז דער עיקר וואָס אַ איד דאַרף זיך אַנגרייטען אויף דער וועלט איז ניט קיין מאַסעלס, נור מצוות און מעשים טובים. אָט וואָס אַ איד דאַרף זיך אַנגרייטען.

אָבער דזשאָו טהוט זיך זיינס: ער ווייזט דעם זיידען די מאַסעלס און זאָגט:

— סי, זיידע, ווי האַרט זיי זיינען? פונקט ווי ביי דזשאַנ־סאָן און ווילאַרד!... טהו אַ טאַפּ, זיידע.

ענטפערט ר׳ סענדער בייזלעך: מ׳האָט עס דיר איינגע־שמועסט. איך האָב דאָך געזעהן ווי דו האָסט זיך געמוטשעט איידער דו האָסט געמאַכט דעם מאַסעל, ביזט אַזש רויט געוואָרען, ביזטו אַזש... קיין געזונד גיט עס דיר זיכער ניט צו...

— וואָט?! — רופט אויס דזשאָו אַן אויפגערעגטער — מאַ־סעלס איז ניט געזונד? איך דיר דזשאָסט פאַר פאַן ווייזען, אַז מאַסעלס איז יאָ געזונד.

און דזשאָו׳ס האַנד איז אַרויפגעפאַלען אויף ר׳ סענדער׳ן.

— — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגען איז געווען ר׳ סענדער׳ס לויה...

# ווען גאָט זאָל העלפען.



ישע יאדרע איז א חברה קדישא שמש. דאס איז א דאר טרוקען אידעל מיט א שפּיציגען „קנאפּ“ אין גארגעל.

דער גאנצער זישע וועגט אפשר אכטציג פונט ווערליג זיין הדרת פנים, האָט ער גיכער געדארפט געבוירען ווערען א באקסער. ניט קיין מענש.

און ווי קליין ער איז, און ווי טרוקען ער איז, האט ער דוקא חתונה געהאט פאר א הויכע פעטע אידענע מיט וואנצעס און איז זיך אזוי פאמעלאך, ניט געאיילט, געווארען א טאטעלע פון זעקס קינדער.

— פון וואס מאכט איהר א לעבען ? — האב איך א פרעג געטהאן ר' זישא'ן.

— ווער, איך ? — האט דאס אידעלע איבערגעפרעגט.

— יא, איהר.

— איך בין א חברה קדישא שמש, בין איך... אז מענשען ש ט א ר ב ע ן מאך איך א לעבען. און אז מענשען ל ע ב ע ן, שטארב איך פאר הונגער.

— שוין לאנג אז איהר זייט אין אמעריקא ?

— ווער, איך ?

— יא.

— שוין פערצעהן יאהר, ביז הונדערט און צוואנציג.

— וואו האט איהר חתונה געהאט, דא צי אין יוראפּ ?

— אין יוראפּ.

— וואָס האָט איהר געטהאָן אין דער היים?

— ווער, איך?

— יאָ.

— דאָרט בין איך געווען אַ קברות־מאַן. געזעהן, אַז די ביז־נעס זיינען ט ו י ט, קיינער שטאַרבט ניט, בין איך געקומען אין אַמעריקא. אַמעריקא איז דאָך, ווי זאָגט איהר, אַ רייך לאַנד. וואָס דאָ שטאַרבען מענשען אין אַ י י ן שעה, שטאַרבען דאָס ניט אין אונזער שטעדטעל אין פינף יאָהר. האָב איך די ערשטע צייט געמאַכט אַ סך געלד, געשיקט נאָך מיין חיה'ן און ראָצאָל.

— און די קינדער זיינען אַלע הינע געבוירענע?

— וועמעס קינדער, מיינע?

— וואָס דען, מיינע?

— יאָ, אַלע הינע געבוירענע.

— ווי לעבט איהר זיך מיט אייער פרוי?

— ווי זאָל זיך מיר לעבען?

— זי ליעבט אייך עפּעס?

— עט!

— און איהר ליעבט זי?

— בע!

— און ווי געהט עס אייך אין דער פרנסה?

— ווי זאָל עס מיר געהן? זעהר ניט גוט; מען קען זאָגען גאָר שלעכט.

— וואָס איז דער מעהר?

— פאַראַן צופיעל שמשים אין אַמעריקא. אינגערע, פלינ־קערע, שטאַרקערע, פערכאַפּען זיי די גאַנצע אַרבייט. אַט איז פאַ־ראַן אין זעלבען הויז אַ שמש, מאַכט ער גאָלדענע ביזנעס. אפשר צעהן מתים אַ טאָג האָט ער. ער אַרבייט שוין אַליין גאָר ניט: פרעמדע אַרבייטען פאַר איהם. אַז גאָט העלפט, ער האָט אַן אי־בעריגען מת, גיט ער איהם מיר איבער. אַבער ער פערדיענט אַז מיר צופיעל. איך האָב אויסגעפונען, אַז ער גיט מיר בלויז אַ דריי־

טעל וואס ער נעהמט. א הויט־שינדער! די בעסטע זאך איז, אז גאט העלפט מיט אייגענע מתים. דאן ווייסט מען, אז מען מאכט עפעס.

— וויפיעל מתים א טאג דארפט איהר האבען אום צו מאַ־כען א בכבוד'ען לעבען?

— כ'ווייס? צוויי מתים איז פלעגטי. און אויב גאט העלפט מיר דריי — איז אודאי גוט; קען מען נאך אפשפארען א טולער.

— די קינדער העלפען אייך גאר ניט ארוים אין דער פרנסה?

— וועמענס קינדער, מיינע?

— וואס דען, מיינע?

— ניין. אלע כמעט קראנקע, שוואכע, מאגערע. ווען איהר זעהט מיין עלטסטע מיידעל, מיין דרייצעהן־יעהריגע טאָכטער, וואלט איהר זי אנגענומען פאר זיעבען יאהר. זי האט אפילו ניט קיין כח צו הוסטען. און די איבעריגע מיידלאך אויך דאס אייגענע.

נאר א דאנק דעם אויבערשטען דערפאר.

— ר' זישא האט א זיפץ געטהאָן.

— וואס זיפצט איהר?

— איך זיפץ אויף די שלעכטע צייטען. אט געהט צו פסח. און דא איז ניטא קיין סענט. ווען גאט זאל מיר העלפען, ווי ער האט מיר פאר־א־יאהרען געהאלפען, וואלט געווען גוט.

— וואס איז געווען פאר־א־יאהרען? — האב איך געוואלט וויסען.

— פאר־א־יאהרען איז אויך געווען דאס אייגענע: אויך ניט געהאט אויף פסח. אפילו ניט קיין אנהויב. איך האב זיך געשראקען, אז מיר וועלען חלילה דארפען עסען חמץ. דאס הייסט, קיין חמץ איז אויך ניט געווען... האט גאט געהאלפען: א וואך פאר פסח איז א גאנצע פאמיליע דערשטיקט געווארען פון גאז און איך האב בעקומען דעם דזשאב. און דאס האט מיך גערעטע־

וועט, געשטעלט אויף די פֿיס. מיר האָבען געפּראַוועט אַ יום־טוב כּיד המלך. הלואי ווייטער ניט ערגער. דערווייל איז שלעכט...

— ווי גרויס איז געווען די פֿאַמיליע וואָס איז דערשטיקט געוואָרען?

— ניט גרויס: אַ טאַטע, אַ מאַמע און דריי קינדערלאַך דערמיט האָט זיך געענדיגט מיין געשפּרעך מיט ר׳ זישאַ׳ן.



# ר׳ וואָווע.



עהענדיג איבער ברום סטריט האָב איך אָנגעטראָפען א בעקאַנטען מלמד. ער איז געגאַנגען און געהונ־קען אויף א פוס און דער קאָפּ איז געווען פער־בונדען מיט א פּאַטשיילע. קוים וואָס ער האָט געזושיפּעט.

— שלום עליכם, רב׳ וואָווע! — שטעל איך איהם אָפּ און איך פרעג איהם וואָס איהם איז.

דערצעהלט ער מיר ,אז ער איז ערשט אויפגעשטאַנען פון קראַנקען בעט.

— זיך צוגעקיהלט? — פרעג איך.

— ניין, — ענטפערט ער, און כאַפּט זיך פאַר׳ן האַרצען.

דאַ האָט זיך ר׳ וואָווע שטאַרק צוהוסט: קכי! קכי! קכי! קכי!

אז דער הוסט האָט איהם א ווייל אָפּגעלאָזט, האָט ער מיר ערשט דערצעהלט די מעשה:

— איך נעה מיר אזוי, אַנומעלט, אין האוסטאָן סטריט, שטעלט מיך אָפּ א הויכער, א געזונטער יונג, מיט א רויטען אָנ־געפרעסענעם קאַרק, שעהן אָנגעטהאָן, שטרעקט אויס א גרויסע, שווערע האַנד און טהוט א געשריי:

— האַללאָו, רבי!

שטעה איך און קוק אויף דעם ריעז און עס טרייסעלט מיר א צאָהן אז א צאָהן...

אז איך בין געקומען צו־זיך, פרעג איך איהם ווער ער איז, פון וואַנען קען ער מיר, און פאַר וואָס רופט ער מיך רבי?

דערצעהלט ער מיר א געשיכטע, אז ער האָט אַמאָל געלערנט

ביי מיר נאך אין פינטשעוו, אין גאליציען הייסט דאס, אז איך האב איהם אמאל געשלאגען און גע׳הרג׳עט, למאי ער האט ניט געוואלט מעביר זיין די סדרה.

— ווער זשע ביזטו? און ווי האט מען גערופען דעם טא־טען דיינעם?

זאגט ער מיר, אז זיין טאטען האט מען גערופען נפתלי און ער אליין הייסט הערשעל, און זיין מאמען האט מען גערופען מינ־דעל שיינדעלעס.

— אה, הערשעל! א שעהנער בחור געווארען! וואס טהוסטו אין אמעריקא? — פרעג איך.

— איך בין א פרייז־פייטער, — ענטפערט מיר מיין געוועזע־נער תלמיד.

— וואס איז דאס פאר א מין טרייד? פרעג איך.

— דאס איז, — זאגט ער — אזא מין טרייד וואס מען שלאגט זיך...

— וואס הייסט עפעס מען שלאגט זיך? — פרעג איך און קוועטש מיט די פלייצעס — איך וויל וויסען פון וואנען דו מאכסט א לעבען. ווארום אין אמעריקא איז דאך דער עיקר די פרנסה. אוי, די פרנסה!

דערצעהלט ער מיר ווידער דאס אייגענע: ער איז א פרייז־פייטער, און אז ער פייט זיך, קאכט גאנץ אמעריקא. אלע ציי־טונגען שרייבען פון דעם און עס שטעהט איבעראל זיין פיקטשור, און עס קומען זיך צוזאמען טויזענדער מענשען אויף טיקעטס. מאנכע צאהלען אזוי גרויס ווי 10 און 15 דאלאר פאר א טיקעט.

— וואס זשע האסטו פון דעם, וואס דו שלאגסט זיך?

— עס ווענדעט זיך — זאגט ער — מיט ווועמען איך שלאג זיך. א מאל האב איך פינף טויזענד דאלאר, א מאל צעהן טויזענד דא־לאר און אמאל נאך מעהר.

— וואס רעז׳טטו? צעהן טויזענד דאלאר פאר שלאגען זיך?

— יע, צעהן טויזענד דאלאר.

— ווי לאנג דארפסטו זיך שלאגען?

— א פאר שטונדען.

— און וואס טהוסטו, אז יענער שלאגט דיך צוריק?

— איז פערפאלען... נור אפילו יענער, וואס שלאגט צוריק, קריגט אויך א פאר טויזענד דאלאר.

— וואס איך הער! און איך האב דיר אין פינמשעוו געשלאגען מכות־רצח און דיין טאטע האט מיר אפילו קיין שכר־לימוד ניט בעצאהלט.

— יא, רבי, און דא בעצאהלט מען אי דעם שלעגער אי דעם געשלאגענעם.

— אזוי, אזוי... היינט געה וויים, אז אין אמעריקא זיינען דא אזעלכע פרנסות!

דא האט זיך ר' וואווע אנגעשפארט אז א וואנד און גענומען הוסטען. ער האט אזוי שטארק געהוסט, אז ער איז אזש געווארען בלאה ווי א מילץ... קוים וואס ער האט געקענט אפציהען דעם אטהעם. און די גאנצע צייט האט ער זיך צוגעהאלטען מיט דער לינקער האנד ביים הארצען...

אז ער האט אבגעדעבעט און זיך אויסגעווישט די פייכטע אויגען מיט א רויטע פאטשיילע, האט ער א טיעפען זיפץ געטהאן און געזאגט:

— ווען איך וויים פון דער געשיכטע מיט א פאר יאהר פריהער, איידער איך האב פאצאפעט דעם הוסט, וואלט איך זיך א נעהם געטהאן צו דעם טרייד... ערשטענס, ווייל מען כאפט דערביי א גרינגען טולער, צווייטענס, איז דאס, קענטיג, א געזינטע פרנסה...

א סמן, אז די פרייז־פייטערס זיינען אלע געזינטע מענשען.

געה, וויים, אז אידען מאכען א לעבען פון שלאגען זיך... איך וועל שוין, מן הסתם, שטארבען א מלמד — און ר' וואווע האט זיך ווידער צוהוסט... איך בין שוין אין אמעריקא א יאהר פערצעהן און מיר איז גאר ניט איינגעפאלען זיך געהמען צו דעם...

# וועגען פרויען.



שר דער לעקטשורער איז א טשיקאוועד איד. זייט ער איז געווארען א לעקטשורער, לעקטשורט ער נאר וועגען פרויען. ווען איהר קוילעט איהם באלד אויפ'ן ארט, וועט ער אייך ניט רעדען איבער קיין אנדער טהעמא.

איין מאל האט מען איהם געוואלט געבען פאר א לעקטשור דריי דאלאר מעהר, ער זאל רעדען וועגען די „דארדאנעלען", האט ער ניט געוואלט.

דאס ערשטע מאל האב איך איהם געהערט לעקטשורען מיט א יאהר צוריק. די האלל איז געווען געפאקט מיט יונגע ווייבלאך און מיידלאך, און ער, דער לעקטשורער, איז געשטאנען אויף דער פלאטפארמע און גערעדט. דאס פנים זיינס האט געשיינט ווי די זון, די אויגען זיינע האבען געבליצט מיט גליק, און די ווערטער האבען זיך געקייקעלט פון זיין מויל ווי א וואסערפאל פון א בארג.

און גערעדט האט ער שעהן, זיס, א מחיה! — „די פרוי" — האט ער געזאגט — „איז דאס שעהנסטע, דאס העכסטע, דאס פרעכטיגסטע ווערק, וואס דער בעשעפער האט געקענט בעשאפען; די פרוי איז ארויסגעקומען פון גאט'ס האנד א סך שעהנער ווי גאט אליין".

די שעהנע ווייבלאך און די מיידלאך האבען איהם שטארק אפלאדירט, און ער האט ווייטער גערעדט:

„א פרוי איז די מזל ברכה פון דער וועלט: זי איז דאס ליכט, וואס בעלייכט און בעשיינט דאס פאמיליען-לעבען.

„א הויז אהן א פרוי איז ווי א הימעל אהן א זון. ווי א נאר-

טען אַהין אַ בלום. ווי אַ ים אַהין פּערל. וויא וואלד אַהין פויגעל..."
(גרויסער אפּלאוז).

ער האָט ווייטער גערעדט:

„ווען די פרוי פערלאָזט דאָס הויז, ווערט פון דעם הויז אַ בית עולם. די פרייד פערשווינדט; די מלאכים אין הימעל זיינען מקנא אונז, מענשען, וואָס מיר האָבען פרויען.

„אַ פרוי איז די גוטסקייט פון דער וועלט. ווען איך גיב אַ קוק אויף אַ פרוי, ווער איך אינגער, צובליהט זיך מיין נשמה ווי אַ בלום; צויבערט אויף אין מיין האַרץ אַ פריהלינג, און עס זינגט און עס קלינגט מיט זיסע פריידען!"

אָט אַזוי האָט אשר געלעקטשורט מיט אַ יאָהר צוריק.

מיט צוויי וואָכען צוריק האָב איך איהם ווידער געהערט לעקטשורען וועגען פרויען.

די האָלל איז דאָס מאָל געווען בעזוכט מעהר פון מענער. ער אַליין, דער לעקטשורער, איז געווען בלאַס און פערעלטערט, מיט שוואַרצע „רעדער" אונטער די אויגען און די באַקען איינגעפאַלען. זיין שטימע איז געווען אין גאַנצען געענדערט. ניט זיס, ניט ווייך; זי איז געווען שאַרף און בייז...

אָט וואָס ער האָט געזאָגט:

„די פרוי איז אַ פאַרטאַצקע שטיקעל אַרבייט! איידער אַזאַ אַרבייט, איז שוין גלייכער גאַר ניט. ווען איך בין גאָט, וואָלט איך זיך געשעהמט צו ווייזען די אויגען פאַר לייטישע מענשען.

„די פרוי איז אַן אונגליק פאַר דער וועלט. דאָס איז אַ שטיק סם המות אויף צוויי פיס! ווען איך וואָלט זיין גאָט, וואָלט איך געמאַכט, אַז אויף די בוימער זאָלען, אַנשטאָט צווייגען, הענגען ווייבער... (שטאַרקער אפּלאוז פון די מענער און אַ פייפערייַ פון די פרויען).

„די פרוי" — רעדט ער ווייטער — „איז אַ געפעהרליכע שלאַנג. היט זיך פאַר דער פרוי! זי וועט אייך אומברענגען! ווען איך דערמאָן זיך, אַז איך קום אַרויס פון אַ פרוי, ווילט זיך מיר איינ־נעהמען גען אָדער אַריינוואַרפען זיך אין טייך!

„א פרוי איז נאר גוט, איידער מען האט חתונה מיט איהר. טאמער איז מען שוין מיט איהר פערהייראטה, זעהט מען ערשט ווי גוט עס איז צו זיין א סינגעלמאן.

„פרויען טראכטען נאר וועגען העמט און קליידער און וועגען דעם מאן'ס גרויסע פארדיענסטען.

„א פרוי וועט בעסער אריינקוקען אין מאן'ס הויזען־קעשע־נעס איידער אין א ביכעל.

„א פרוי וועט זיך גיכער אמוזירען מיט א געזונטען אידיאט, איידער מיט א קראנקען פראפעסאר.

(שטארקער אפלאוז פון די מאנסבילען און א מורא'דיגער פייפען פון די ווייבער).

און דער לעקטשורער ענדיגט:

„די שעהנסטע און דאס גיצליכסטע זאך וואס די געזעלשאפט האט איינגעפיהרט איז — דאס גט'ען זיך..."

דערמיט האט זיך געענדיגט די לעקטשור.

נעהם איך דאסווארט און שטעל דעם לעקטשורער א פראגע: „פאר וואס" — זאג איך — „האט איהר מיט א יאהר צוריק גערעדט מיט אזא בעגייסטערונג וועגען פרויען, און היינט מאכט איהר פון זיי אש און בלאטע? פון וואנען קומט דאס?"

און ער ענטפערט:

„ווייל פאר־א־יאהרען בין איך נאך ניט געווען פערהייראט..."



# ווי צו ווערען אַ מיליאָנער.



ונדערטער און טויזענדער ארבייטער פארוואָרפען זיך יעדען טאָג מיט בריוולעך: אזוי ווי זיי האלטען זיך פאר זעהר אַ קלוגען, פאר אַ חכם גדול, זאָל איך זיי געבען עצות ווי צו ווערען מיליאָנערען.

און אזוי ווי עצות געבען קאָסט קיין געלד ניט, וועל איך זיי טהאָן די טובה.

עס איז אַ פעסטגעשטעלטער אמת, וואָס קיינער אין דער וועלט קען ניט אָפּלייקענען, אז אלע מיליאָנערען זיינען רייכע מענשען.

פון וואַנען קומט דאָס?

נאָר פשוט: ווערען אַ מיליאָנער קען מען נאָר פון שפּאָרען; פון קלייבען א סענט צו א סענט.

זיי אליין — די איצטיגע ראקעפעלערס, די בעלמאָנטס, די וואנדערבילטס, די ראָטשילדס, דערצעהלען אייך, אז זיי זיינען אויך אַמאָל געווען גרויסע קבצנים. נאָר פון לעבען קארג און פון שפּאָרען און פון ניט אויסגעבען קיין איבעריגען סענט, זיינען זיי געוואָרען מיליאָנערען.

אַלזאָ, מיינע ליעבע ארבייטער, הערט מיך אויס:

אויב איהר ווילט איין מאָל פאר אלע מאָל פּטור ווערען פון אייער ביטערען דלות, לעבט שפּאָרזאם: וואוינט ניט אין קיין פּאַלאַצען; האלט ניט קיין צופיעל דיענסטען; פאָהרט ניט אויף קיין 10,000 דאָלארדיגע אָטאָמאָבילס; ניט אויף יאכט־שיפען; בעזוכט ניט איטאַליען אום זומער און פלאָרידא אום ווינטער. גיט ניט אוועק אייערע שווערע מיליאָנען פאר קירכעס און לייברע־

רים; טרינקט ניט קיין שאמפאניער; עסט ניט קיין געבראטענע טייבעלעך; מאכט ניט קיין צו רייכע בעללער; געהט ניט אין דער אפערא; האט ניט צו טהאן מיט שעהנע אקטריסעס אין ספענדט ניט אויף זיי קיין אוצרות.

שפארט א סענט צו א סענט און טראגט די אלע אבגעשפארטע סענטען אוועק אין די באנק און איהר זייט א מיליאנער.

איך האב פאר אייך נאך אן עצה:

לעגט אריין יעדעס יאהר א דאלאר אין א בלעכענער פושקע. ווען איהר אין טויזענד יאהר ארום האבען טויזענד דאלאר. דאן בארגט אוועק די טויזענד דאלאר אויף פראצענט, אויך אויף טויזענד יאהר, ווען איהר אין צוויי טויזענד יאהר ארום האבען פופ־צען הונדערט דאלאר. דאן נעהמט די פופצעהן הונדערט דאלאר און קויפט זיך א קענדי סטאר, און שטעלט אוועק אייער פרוי און אייערע קינדער זיי זאלען אייך ארויסהעלפען.

אט אזוי פאמעליך, פאמעליך, ווען איהר זיך ארויפארבייטען און ווערען א מיליאנער. א צווייטער ראקעפעלער!



# ווי צו כאפען פעטש.



ריינדע!

כאפען פעטש אין אמעריקא איז ניט אזוי שווער ווי אייך קען זיך אויסדאכטען. איהר דארפט בלויז וויסען ווי אזוי און וואו צו כאפען די פעטש.

איין זאך איז אבער זיכער: אז זיצענדיג אין הויז וועט איהר קיין פעטש ניט כאפען, גוטע זאכען ברענגט מען ניט אין שטוב אריין. איהר מוזט זיי — די פעטש הייסט דאס — געהן זוכען צווישען מענשען, נור צווישען מענשען!

למשל: אויב איהר בעלאנגט ניט צו קיין לאדזש, דארפט איהר בעלאנגען; אז איהר בעלאנגט שוין, דארפט איהר זעהן צו לויפען פאר פרעזידענט; אז איהר לויפט שוין פאר פרעזידענט, דארפט איהר האלטען דרשות און זידלען דעם אלטען פרעזידענט. דאן וועלען די „פאטריאטען" פון דעם אלטען פרעזידענט ווערען אויפגערעגט און אייך דערלאנגען פעטש.

וויפיעל וויים איך ניט, אבער זייט זיכער, אז מען וועט אייך ניט זשאלעווען... אין אזעלכע זאכען האט יעדער מענש א ברייטע האנד; שפיעלט נאך א פאטש קיין ראלע ניט.

פאראן נאך א וועג אויך צו כאפען פעטש:

געפינט אוים דורך די צייטונגען אזא שטעדטעל, וואו עס געהען אן מחלוקות צוליעב א חזן, א רב אדער א שוחט. פאהרט באלד אהין און ווארפט זיך אריין מיט אלע אייערע קרעפטען אין דעם פלאקער פון מחלוקות. עס מאכט ניט אוים מיט וועלכען צד

איהר וועט האַלטען, צי מיט דעם שטאַרקערען צי מיט דעם שוואַ־בערען; איהר מעגט אפילו זיין אונפּאַרטייאיש.

אזוי אָדער אזוי — וועט איהר שוין טרוקען ניט אָפּשניידען... אייער ציעל וועט איהר האָבען עררייכט... אַ פערמעגענס וואָס פּעטש איהר וועט אריינכאַפּען!

און אויב דאָס שטעדטעל איז בעזעצט מיט געוועזענע בוטשאַ־רעס אָדער עקספּערט־לייט, קענט איהר זיכער זיין, אז די פּעטש וועלען זיין די בעסטע וואָס מען קען קריגען... ניט קיין טאַנדעטנע אַרבייט; ניט קיין שאַפּ־אַרבייט; נאָר אייגענע געמאַכטע, קאַס־טאָמער־פּעטש, האַנד־אַרבייט...

און אויב אפילו געוועהנליכע פּעטש, מאַכט אויך ניט אויס. אַלץ בעסער ווי גאָר ניט!...

פאַראַן נאָך אַ וועג אויף צו כאַפּען פּעטש, אַ גאַנץ איינ־פאַכער וועג:

אויב איהר קומט אריין אין אַ הויז וואו מאַן און ווייב קריע־גען זיך, זידלען זיך, זאָלט איהר באַלד נעהמען האַלטען מיט דער פרוי. ניט איהר איכער געדעכט; בעדוויערט איהר שטאַרק (דעם מאַן אין די אויגען אריין), וואָס זי, אַזאַ שעהנע, אַזאַ יונגע, אַזאַ חנ׳עוודיגע ווייבעל, איז נעבעך אריינגעפאַלען צו אַ מאַן אַ גראָבען יונג, אַ חיה, אַן אנדיאַנער...

אויב איהר וועט דאָס טהאָן מיט אמת׳ען טאַלאַנט, זייט איהר אַלל־רייט! זאָל אייך אזוי ניט פעהלען קיין פּרנסה, ווי עס וועלען אייך קיין פּעטש ניט פעהלען!

דער מאַן וועט אייך דאָן ניט בערייסען, ער וועט אייך געבען אַ פולע מאָס...

ווי געזאָגט, זיינען פאַראַן אַ סך וועגען ווי צו כאַפּען פּעטש, אָבער דער בעסטער און גרינגסטער און דער ביליגסטער וועג איז שמחת תורה צו די הקפות.

די הקפות זיינען אַן אמת׳ער „קלאָנדייק" אויף צו כאַפּען פּעטש.

אָבער איהר מוזט אויפזוכען אַזאַ „חברה" וואָס גלייכט „אריינ־צוגיסען" פאַר די הקפות...

אויב גאט העלפט אייך און איהר פאלט אריין צו אזא חברה, זייט איהר א פערזארגטער מענש! האט איהר א טשאנס אריינצוכאפען א וועלט מיט פעטש! אבער איהר מוזט טרייען קומען פריה, איידער די פעטש הויבען זיך אן, איהר זאלט קענען אריינכאפען די ע ר ש ט ע. ווי עס איז בעוויזען געווארען פון גרויסע פילאזאפען און וויסענשאפט מענער, זיינען די ע ר ש ט ע פעטש אלע מאל די ב ע ס ט ע און די ש ט א ר ק ס ט ע...

הכלל, רבותי, ווי איהר זעהט, זיינען פאראן פערשיעדענע וועגען וואס פיהרען צו פעטש. איהר דארפט בלויז קענען אויסנוצען די אלע וועגען. אז איהר וועט דאס טהאן, וועט זיין וואויל צו אייך און צו אייערע קינדער.

ווי שוין געזאגט פון אנהויב, וועט מען אייך אין הויז קיין פעטש ניט אריינטראגען. מיט אזעלכע זאכען פעדעלט מען ניט ארום און מען גיט זיי ניט אויף אבצאהלען.

אום צו קריגען פעטש, מוזט איהר געהן צווישען מענשען...



# וועגן שטאַמלען.



וועסטער און ברידער!

שטאַמלען שטאַמלען בלויז די שטאַמעלדיגע; די וואָס רעדען נ אַ ר מ אַ ל, שטאַמלען ניט.

אַ שטאַמלער איז דאָס אייגענע וואָס אַ זאַ־איקער: אַ זאַאיקער שטאַמעלט, און אַ שטאַמלער זאַאיקעט זיך.

דאָס שטאַמלען, מיינע העררען, קומט דערפון וואָס דער שטאַ־מעלדיגער רעדט ניט ארויס דאָס וואָרט ווי מען בעדאַרף עס ארויס־רעדען. דער שטאַמלער פאַרטשעפּעט זיך אין׳ם וואָרט, און ער קען זיך פון דעם אזוי גיך ניט אָבטשעפּען...

זיין צונג איז ווי צוגעבונדען צום גומען ווי מיט אַ שטריק, און דאָס וואָרט קען זיך בשום אופן ניט אָפּרייסען און ארויס אויף דער ליכטיגער וועלט.

דער הויפּט חסרון מיט אַ שטאַמלער איז, וואָס ער האָט זיך זיין אַ י ג ע נ ע „ספּעלינג". אן איינגענאַרטיגע, אריגינעלע גראַ־מאַטיק...

לאָמיר די זאַך ערקלעהרען מיט ביישפּיעלע:

למשל: ווען איך וועל זאָגען אימיצען: „גוט מאָרגען". וואָס זשע טהו איך? זאָג איך „גוט מאָרגען" און פאַרטיג.

דער שטאַמלער אָבער קען דאָס ניט בעווייזען. ביי איהם געהט דאָס צו מיט גאנצע צערעמאָניעס: צוערשט נעהמט ער פינטלען מיט די אויגען, דערנאָך נעהמט ער צוזאַמען די ליפּען און הויבט אָן בע... בע... בע..., און קען נעבאַך ניט ארויסבע־

בען וואס ער וויל. ענדליך, ענדליך רייסט זיך ביי איהם ארויס דאס ערשטע ווארט, ווי פון א קייט אפגעריסען, און דאס איינע ווארט איז ערשט שלעכט געשפעלט.

„גוט מארגען" קומט ביי איהם אויס: „ג־ג־ג־גוט מ־מ־מ־אר־גען". מיט פיער „גימלען" און מיט דריי „מעמען". און דאס, וועט יעדער איינער צוגעבען, איז פאלש „אויסגעלעגט". צו „גוט מארגען" איז גענוג איין „גימעל" און איין „מעם".

אדער לאמיר אויף טשיקאוועס נעהמען אזעלכע ווערטער: „איך האב מיין געלט". ווען א פשוט'ער מענש וויל ארויסרעדען די פיער ווערטער, מאכטער זיך פון זיי קיין צימעס ניט. ער זאגט זיי ארויס איינס און צוויי. אין א האלבע סע־קונדע איז ער פארטיג. אבער ביי א זאאיקע געהט עס ניט אזוי גרינג. ער נעהמט זיך צייט. ער האט פיינט צו כאפען. ער פער־גינט זיך א זאג טאן: „אי־אי־אי־איך הא־א־א־בס מ־מ־מ־מ־מ־ייז גי־גי־גי־טלען".

ווי געפעלט איך, מיינע הערען, אז אויסלייגעכץ? געוועהנליך ספעלט מען „גיטעל מיט איין „יוד" און ביי איהם ווערט געספעלט מיט דריי „יודען".

איצט איז די פראגע: ווי קען זיך א שטאמלער בעפרייען פון זיין שטאמלען? לויט דעם שכל־הישר, געהערט די פראגע צו דער מעדיצינישער וויסענשאפט; צו דאקטוירים הייסט עס, נאר אזוי ווי איך רעד שוין וועגען דער טהעמא, און פופצעהן דאלאר קריג איך אויך, וועל איך פרובען זוכען א רפואה פאר די דאזיגע שטאמלער.

ראשית חכמה וויל איך דא בעהויפטען, אז דאס גאנצע שטאמ־לען איז ניט מעהר ווי א געוואהנהייט, א טבע אזא: ווי כאפען, למשל, א גמלות חסד ביי א פריינד און ניט אבגעבען.

און פון א געוואהנהייט, מיינע הערען, איז זיך גרינג צו בעפרייען: זאל דער וואס כאפט א גמלות חסד באלד אבגעבען דעם חוב, און די געוואהנהייט איז אויס!

דאס אייגענע איז אויך מיט די וואס שטאמלען: זאלען זיי

אויפהערען צו שטאמלען, און די געוואהנהייט וועט פערשווינדען.

דער עיקר וואס א ש ט א מ ל ע ר דארף טהאן איז: צו רעדען ווי אלע נארמאלע מענשען רעדען: קורץ און שארף! אהן די איבעריגע „גימלען", „מעמען" און „יודען". אז ער וועט דאס טהאן, וועט ער באלד אויפהערען צו שטאמלען.

דאז איז אזוי זיכער ווי צוויי מאל צוויי איז פיער.

פאראן נאך א רפואה: שווייגען! אבסאלוט שווייגען! האלטען פערשלאסען דאס מויל!

און אויב דאס וועט ניט העלפען, וועט שוין קיין זאך ניט העלפען...



# לאזט שרייען אייערע קינדער.



ומט היינט אבענד הערען דעם וועלט־בעריהמטען לעקטשורער, דר. תנחום. ער איז דער גרעסטער דענקער וואס האט וואן־עס־איז געלעבט אויף דער וועלט. די טהעמא וועט זיין:

„לאזט שרייען אייערע קינדער!"

טאטעס און מאמעס זיינען ספעציעל איינגעלאדען — צו קומען מיט קווארדערס אין די הענד.

די לעקטשור וועט געהאלטען ווערען אין טאלעפעטשעס האלל. גארניט אויף דער טהיר".

נאך וועטשערע בין איך אוועק הערען דעם וועלט־בעריהמטען לעקטשורער, דר. תנחום.

תנחום, א פעט אידעל מיט קליינע אויגעלעך, איז ארויף אויף דער פלאטפארמע, א הוסט געטהאן און ארויס מיט לשון:

„טאטעס און מאמעס! ווען ביי אייך זיינען פאראן קינדער וואס שרייען, זאלט איהר זיי ניט איינשטילען. לאזט זיי שרייען! „נעוועדמיין". דער שווארץ־יאהר וועט זיי ניט נעהמען! פון שריי־ען ענטוויקלען זיך ביי זיי די לונגען. שרייען קרעפטיגט זיי; בילדעט אוים זייערע שטימען; מאכט שטארק זייער ברוסט.

אלע גרויסע זינגער און זינגערינס, ווי קארוסא, מארטינעלי, מעלבא, טעטראזיני, גאלי־קורטשי, האבען קליינערהייט געשריען. אז ניט וואלטען זיי קיין זינגערס ניט געווען!

לאזט שרייען אייערע קינדער! **שרייען וואס מעהר, וואס העכער! וואס שטארקער!**

און טאמער קומט איהר אהיים פון דער ארבייט א נערוועזער, א מיעדער, א הונגעריגער, און אייער סיידעלע אדער אייבעלע, ליגט אין וויעגעל אדער אין קערידזש און שרייט מיט בענומענע קולות, געוואלדעוועט מיט די לעצטע כוחות — זאל עס אייך ניט אַארען. לאזט עס! נעהמט עס ניט אויפ'ן האנד; פערשפּיעלט עס ניט; זינגט איהם ניט קיין ליעדלאך און שטאפּט איהם ניט אריין אין מיילכעל קיין נאסע שמאטע מיט צוקער אדער א פלעשעל מילך. ווייל דאן וועט עס אויפהערען צו שרייען און דאס וועט איהר שאדען צו די לונגען. איהר וועט דערמיט אבהאלטען די ענטוויקלונג פון זיין שטימע, און די וועלט קען נאך פערלירען דורך דעם א קארוסא אדער א מעלבא.

און טאמער וויינט דאס קינד א גאנצע נאכט און לאזט אייך אן אויג ניט פערמאכען, מאכט זיך ניט ווי־סענדיג! זאל עס שריי־ען! דער געדאנק אליין, אז אייער קינד וועט אמאל זיין א שטע־רען אויף דער אפּערא־ביהנע, און פערדיענען טויזענד דאלאר א נאכט — אט דער געדאנק אליין דארף אייך בעגייסטערען און שטארקען, אייך אריינגעבען מוטה און קראפט אויסצוהערען דעם קינד'ס קולות!

ווען דאס קינד וועט אויפוואקסען, וועט עס אייך טויזענד מאל דאנקען דערפאר.

לאזט וויינען אייערע קינדער! וואס מעהר איז בעסער!

הלואי וואלטען אונזערע טאטעס ניט געווען אזוי דום און אונוויסענד, ווי זיי זיינען געווען, וואלטען מיר אויך בעסער אפּ געוועזן; וואלטען מיר אפשר געגלאנצט אלס גרויסע זינגער און זינגערינס אויף די אפּערא־הימלען, וואלטען מיר זיך פערשפּארט צו מאטערען אויף א לעבען צו מאכען.

לאנג לעבען זאל קארוסא'ס מאמע! לאנג לעבען זאלען די מאמעס פון מעלבא, טעטראציני און גאלי־קורטשי!

דערמיט האט זיך די לעקטשור געענדיגט — — — — — —

מיט א פּאר טאג שפּעטער האב איך געלעזען אין א צייטונג דאס פאלגענדע שטיקעל נייעס:

„דר. תנחום, דער בעריהמטער לעקטשורער, האט לעצטע נאכט דערשטיקט אויף טויט זיין אייגענע בייבי.

„ווערליג אונזער רעפארטער האט אויסגעפונען, האט דאס אומ־גליק פאסירט ארום איינס א זייגער ביינאכט: דר. תנחום איז געקומען פון א לעקטשור און זיך געלייגט שלאפען. האט די בייבי זיינע (א באיטשיקעל פון פינף חדשים) גענומען וויינען. האט עס געוויינט און געוויינט אהן אן אויפהער. האט דר. תנחום, דער טאטע, ניט געקענט איינשלאפען. האט ער אויפגעוועקט זיין פרוי, זי זאל אנזייגען די בייבי. האט עס ניט געהאלפען; האט ער עס גענומען טרייסלען הין־און־צוריק, האט עס ווידער ניט געהאלפען. און דא געהט אוועק א שעה און צוויי און דריי און דאס קינד וויינט און געוואלדעוועט אייף אלע כלים. איז דר. תנחום ארויס פון גע־דולד, געווארען ווילד און — דערשטיקט זיין קינד אויף טויט — —

„דר. תנחום איז ארעסטירט געווארען. אונזער רעפארטער האט איהם בעזוכט, אבער ער האט געטראפען תנחום'ען שלאפען ווי נאך א באד... דער אויפפאסער פון דזשייל זאגט, אז זייט מען האט אריינגעבראכט דעם דר. תנחום האלט ער אין איין שלא־פען. מען קען איהם גאר ניט אויפרייסען!...



# ווי פטור צו ווערען פון געסט



י א פייער האט זיך פערשפרייט די נייעם צוויי־שעי מיינע בעקאנטע, אז איך האב פאר זיך אליין א הייזקע מיט אכט שעהנע צימערען.

עס האבען זיך א שאט געטהאן געסט צו מיר פון אלע עקען וועלט!

און אז געסט קומען זיך צוזאמען, קען מען דאך קיין חזיר ניט זיין; מוז מען שוין נעבאך מאכען סאפער, דערלאנגען נים, עפעל, בארען, ווישניק, גרייפס, קייק.

אזוי ווי איהר הערט, איז געוועזן יעדער נאכט. עס האט גע־קאסט געלד און איך האב זיך ניט אויסגעשלאפען. אויף מארגען האב איך ניט געקענט געהן צו דער ארבייט.

א חוץ דעם פלעגען זיך די שכנים מיט מיר קריעגען, למאי מיינע געסט לאזען זיי אז אויג ניט צו טהאן. „ווי איז דאס געהערט געווארען" — האבען זיי גע'טענה'ט — „אז א איד זאל מאכען אזוי פיעל הולאנקעס מיט באנקעטען?"

האב איך און מיין פרוי גענומען זוכען פלענער, ווי פטור צו ווערען פון זיי.

מיין פרוי האט געזאגט, אז די בעסטע זאך וואלט זיין, מיר זאלען ערגעץ אוועקמופען אין אן אנדער שטעדטעל און קיינעם ניט לאזען וויסען דעם אדרעס.

מיין עלטסטע טאכטער האט געהייסען אויפהערען מכבד זיין די געסט מיט אלע גוטע זאכען. אז זיי וועלען אפזיצען א נאכט און מען וועט זיי גאר ניט דערלאנגען אין מויל אריין, ווע־לען זיי אהיים געהן און מעהר ניט קומען.

מיין עלטערער זוהן האט געהייסען אריינגנעהמען א פיאנא אין הויז און מיין טאכטער זאל שפיעלען אויף איהר. דאס, האט ער געזאגט, וועט פערטרייבען די געסט אין איין וואך צייט.

מיין אינגערער זוהן האט געהייסען אריינגנעהמען א ביליגען פאנאגראף מיט איין־איינציגען רעקארד, פון עפעס א נארישען חזן, און מען זאל האלטען אין איין שפיעלען דעם זעלבען רעקארד א גאנצע נאכט אהן אן אויפהער.

די שוויגער מיינע האט געזאגט, אז מען דארף געהן מיט א גלייכען וועג: אזוי ווי די געסט קומען זיך צונויף און הויבען אן מאכען טומעל, זאל מען זיי ארויסטרייבען מיט א בעזים.

דער שווער האט געלאכט פון דער שוויגער מיט איהר עצה. מען דארף זיי ניט טרייבען מיט קיין בעזים, האט ער געזאגט, מען וועט זיי דערמיט בעליידיגען. און בעליידיגען מענשען דארף מען ניט. זיין פלאן איז, אז מען זאל זיי מכבד זיין מיט אלטע סערדינס. ווען איינער פון די געסט וועט זיך ביי אונז פער'סמ'ען, וועלען שוין די אנדערע ניט קומען... אבער בעליידיגען מענשען דארף מען ניט...

די שוועסטער מיינע האט גע'עצה'ט, אז מען זאל אלע נאכט אוועקגעהן פון הויז און צוריקקומען ארום צוויי א זייגער...

מיין שוואגער האט געהייסען די געסט פשוט אבגיסען מיט קאכיגע וואסער...

מיין שוועגעריןן האט געראטהען, אז מען זאל אויסלעשען די עלעקטריק...

האב איך אויסגעפיהרט אלע עצות: אריינגענומען א פיאנא, א פאנאגראף מיט איין רעקארד פון א חזן, אויפגעהערט מכבד זיין די געסט, פערמאכט די עלעקטריק און זיי אבגעגאסען מיט קאכיגע וואסער...

האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען!

וואס טהוט מען? איך האב שוין גענומען טראכטען צו בעגעהן זעלבסטמארד. אן עק, א סוף זאל עס נעהמען!

האט מיר מיין פרוי אבגעראטען: „וואס וועט מיר ארויס־קומען, אז דו וועסט שטארבען? גאר נים. קיין אינשורענס פא־ליסי האסטו נים; צו קיין לאדזש בעלאנגסטו נים; קיין געלד אין באנק איז אויך ניטא, איז שוין גלייכער דו זאלסט לעבען“.

— וואס־זשע טהוט מען אבער מיט די געסט? — האב איך איהר געפרעגט — ווי ווערט מען פטור פון זיי?

— האב איך אן אנדער פלאן — האט מיין פרוי געזאגט: זאלסט ביי יעדען איינעם פון די געסט בעטען לייהען א פאר דא־לאר — — —

און לעבען זאל מיין פרוי. עס האט געהאלפען...



# וואַרט אַ קאַפּיטשקע!

איידער איהר פּאַהרט ווייטער, — וויל איך אייך ערקלעהרען אַ פּאַר נויטיגע ווערטער.

מיט די „לעקטשורס“ האַט זיך אייגענטליך געזאָלט ענדיגען דיעזער בוך, נאַר אין דער לעצטער מינוט, ביים „פערשליסען די שוהל“ — האַב איך זיך געכאַפּט אז ביי מיר אין שרייב טישעל ליגען עטליכע אינטערעסאַנטע מעשה'לאך; מעשה'לאך, וועלכע בעטען זיך ארויסצוגעהן אויף גאָט'ס שעהנע ליכטיגע וועלט. האַב איך בעקומען רחמנות אויף זיי, אַ נעהם געטהאָן ביי די אויערען און זיי אריינגעשטעלט צום סוף.

די דאַזיגע מעשה'לאך גיב איך אייך אַ מתנה, פריי, אַהן אַ סענט געלד, און זאָגט ניט אַ צווייטען מאָל, אז קאַונער איז אַ קאַרגער מענש...

מישט איבער דאַס בלעטער און „פּאַהרט“ ווייטער.

# דוד המלך'ס פיעדעל.



אס האט מיר דערצעהלט מיינער א פריינד, א אידי־שער פראפעסאר:

דורכגעהענדיג גרעגנד סטרים, האב איך דערזעהן אין דרויסען לעבען א גרויס געשעפט ארויסגעהאנגען א ריזיגע פאהן מיט גרויסע אותיות:

"אוקשאן! ווילדע מציאות! — מורא'דיגע אנטיקען! קומט אריין!"

אויף א הויכען טיש איז געשטאנען א געזונטער חברה־מאן, מיט אן אבגעגאלטער מארדע און געהאלטען די דאזיגע דרשה:

ווי איהר זעהט, מיינע פריינדע, געה איך אייך איצט פערקויפען אן אנטיקעל וואס אן אנטיקעל הייסט!

ווי איהר זעהט, האלט איך אצינד אין האנד אן אלטען פיע־דעל. א פיעדעל, וואס איז שוין אלט העכער דריי טויזענד יאהר! ריעזע פיעדעל איז געמאכט געווארען אין מצרים פון אן אלטען בשוף־מאכער!

איהר זייט געווים אינטעליגענט אייגצוזעהן, אז דער דאזיגער פיעדעל איז ניט פין די פיעדלען, וואס מען קויפט זיי שפאגעל־נייע פאר צעהן אדער פופצעהן דאלאר א שטיק. אה, ניין!

דאס איז — פערשטעהט איהר מיך, א פיעדעל פון יענע פיעד־לען, וואס זיי זיינען צוזאמענגעשטעלט פון טויזענד בעזונדערע שטיקלעך האלץ; וואס זייער צוזאמענהעפטונג פערבלייבט אן איי־ביגער סוד, א בוך מיט זיעבען זיעגלען!

דער דאזיגער פיעדעל, מיינע העררען, איז געהאנגען ביי דוד

המלך אויף דער וואנד, בעת א דרום־ווינטעל האט געשפיעלט אויף זיינע סטרונעס; אויף דעם זעלבען פיעדעל האט טאקע דוד המלך פערפאסט די הייליגע מזמורים פון תהלים.

דער דאזיגער פיעדעל, מיינע פריינדע, האט מיט זיין שפיעלען געמאכט וויינען אלע מלאכים פון הימעל.

אויף דעם דאזיגען פיעדעל, מיינע העררען — האט דער גרויסער פאגאניני פערפאסט זיינע אונשטערבליכע מעלאדיען, ווען ער איז אין תפיסה געזעסען.

אויף דעם דאזיגען פיעדעל האט דער אונפערגעסליכער ווי־נאיעווסקי געשאפען זיינע וואונדער־שעהנע לעגענדען.

אויף דעם דאזיגען פיעדעל האט זיך „איסאיע" זיין גרויסען נאמען ערווארבען.

אויף דעם דאזיגען פיעדעל האט שוין געשפיעלט קרייזלער, עלמאן, צימבאליסט, חפץ, קובעליק און ניטקע.

אויף דעם דאזיגען פיעדעל האט אמאל באראן הירש, משה מאנטעפיארע, לארד ראטשילד, בלייכריידער, פאליאקאוו און בראד־סקי געליהען צוויי מיליארד אין גאלד.

פאר דעם דאזיגען פיעדעל האט דער ענגלישער קעניג געוואלט אוועקגעבען זיין קרוין צוזאמען מיט זיין קעניגרייך.

דאס איז דער פיעדעל — מיינע העררען, וואס ראקעפעלער, פיערפאנט מארגאן, קארנעגיע, וואנדערבילט און אסטאר האבען בעצאהלט 5 מיליאן בלויז א קוק צו טהאן אויף איהם.

די טענער פון דיעזען פיעדעל פערשעהמען אלע נאכטיגאלען פון דער וועלט.

**דאס איז דאס גרעסטע אנטיקעל וואס די וועלט פערמאגט.**

איך וועל אייך זאגען דעם ריינעם אמת: איך שעהם זיך פשוט אייך צו קוקען אין די אויגען אריין; איך אליין וואונדער זיך, ווי עס קומט אזא אנטיקעל אין מיינע הענד אריין.

אלזא — מיינע פריינדע — וויפיעל גיט איהר פאר דיעזען

וואונדערבארען פיעדעל? קומט ארויס מיט לשון! — שעהמט זיך ניט! זאגט וויפיעל?

— פינף און זיעבציג סענט! — הערט זיך א שטימע פון פובליקום.

ער נעהמט צו די פינף און זיעבציג סענט, גיט אוועק דעם פיעדעל און רופט אויס:

— ווער וויל נעקסט אזא פיעדעל?...



# זייגער - מאַכערס.



אזט זיך אריין אַן עלטערע אידענע מיט אַ זייגער אין האַנד צו אַ זייגער־מאַכער.

— פאררינכט מיר דעם זייגער! — רופט אויס די אידענע — ער וויל ניט געהן. און ווען ער געהט, געהט ער ווי אַ שכור: אַדער ער קריכט אויף צוריק זיעבען־אכט שעה, אַדער ער לויפט פאַראויס מיט אַ גאנצען מעת־לעת. ווערדליג זיין „גאנג“ דארפען מיר עסען פריש־טאָג עלף בייננאכט און וועטשערע פינף אין דער פריה. לעצטען חודש האָט ער גענומען אזוי לויפען, אז ער האָט געמאכט דריי טעג פאר איינעם. מיין אידעם האָט מורא געהאט, אז ער וועט דארפען דעם חודש צאָהלען צוויי מאָל דירה־געלד. וויל איך, אז איהר זאָלט איהם פאַריכטען, ער זאָל געהן ווי אַ מענש.

טהוט דער זייגער־מאַכער אָן אַ שוואַרץ פעפעלע אויפ'ן לינקען אויג, האַלט עס צו מיט אַ ברעם, עס זאָל ניט ארונטער־פאַלען, בעטראַכט דעם זייגער, גיט איהם אַלע ווייַלע אַ טרייסעל, עפענט אויף זיין „בייכעל“, בעטראַכט די „געדערים“, פאַרקעט עפּעס מיט אַ שרויפען־ציהערל און זאָגט:

— דעם זייגער דארף מען אויסרעגולירען.

— וואָס דאַרף עס קאָסטען?

— אַ דאָלאַר.

— אַ דאָלאַר? ניט דערלעבען וועלען דאָס מיינע שונאים! האסטו געהערט אַ מין פּרייז!

— וויפיעל דען ווילט איהר געבען?

— כ'ווייס? א קוואדער אין פלענטי. נאך מעהר ווי פלענטי!

— אויב אזוי קענט איהר געהן! — האט דער זייגער־מאכער געענטפערט מיט כעס. און בשעת מעשה, זי זאל ניט בעמערקען, עפעס א פורקע געטראן און אויסגעבראכען א צייהנרעל פון א רע־דעל.

געהט די אידענע אוועק צו אן אנדער זייגער־מאכער. א אידעל מיט א ווייסע ליסענע אויפ'ן קאפ, ווי א טעלערעל מילך...

— וואסי?

— גאר ניט, — זאגט די אידענע — כ'האב א זייגער, האב איך פון איהם מעהר צרות ווי פון מיין מאן.

טהוט זיך דער צווייטער זייגער־מאכער אויף אן א שווארץ פעסעלע אויפ'ן אויג, שרויפט פאנאנדער דעם זייגער, בעטראכט איהם און זאגט:

— מיסעס, דעם זייגער דארף מען אויסקלינען און אריינ־שטעלען אן אנדער רעדעל, א צייהנרעל איז אויסגעבראכען.

— וואס דארף עס קאסטען?

— א דאלאר מיט פופציג!

— א דאלאר מיט פופציג? וואס מיינט איהר בין איך, א גביר'טע? מעהר ווי פופציג סענט וועל איך אייך ניט געבען!

— און איך וועל ניט נעהמען.

— גנבים, הויט־שינדערס! — האט זיך די אידענע געקאכט.

— ביי אזעלכע קושענירקעס קען מען מאקע א סך גנב'ענען...

— טא גיט מיר אב דעם זייגער!

האט דער זייגער־מאכער (פאר כעס), אויך רערלאנגט עפעס א פארקע און איבערגעבראכען דעם „ספרינג־פעדער".

די אידענע האט דאס ניט בעמערקט און איז אוועק מיט דעם זייגער צו א דריטען זייגער־מאכער.

דער דריטער זייגער־מאכער האט אויך אנגעטהאן א שווארץ פעסעלע אויפ'ן אויג, אריינגעקוקט אין די „אינגעווייד", אבגע־בראכען א ווייזעריל און געזאגט:

— מיסעס, וואַרפט אַרום די טראַנטע און קויפט אַ נייעם זייגער!

— דער זייגער איז אַ טראַנטע? אַ טראַנטע זייט איהר! דער זייגער האָט מיך אָבגעקאָסט מיט עלף יאָהר צוריק דריי מיט אַ האַלבען דאָלאַר!

— עס קען זיין, — ענטפערט דער דריטער זייגער־מאַכער — אָבער איצט איז ער אַ טראַנטע!

— וואָס רעדט איהר? דער זייגער איז נאָך איצט פונקט ווי אַ נייער.

— ווילט איהר, הייסט עס, אַז איך זאָל איהם צורעכט מאַכען?

— יאָ, וויפיעל וועט עס מיר קאָסטען?

— ניט ווענינער ווי דריי דאָלאַר.

די אידענע האָט אויסגעגלאָצט די אויגען און אַ רעווע געטהאָן:

— דריי דאָלאַר? ניט דערלעבען וועט דאָס דער זייגער אין איינעם מיט'ן זייגער־מאַכער!

— וויפיעל דען ווילט איהר ספענדען?

— אַנדערהאַלבען דאָלאַר!

— איהר ווייסט וואָס דעם זייגער פעהלט? — דעם זייגער פעהלט אַ רעדעל, אַ ספרינג־פעדער און אַ ווייזעריל... אַ חוץ דעם דאַרף מען איהם אויסקלינען און אויסרעגולירען.

איז די אידענע אַוועק מיט'ן זייגער צוריק צום ערשטען זייגער־מאַכער.

האָט דער ערשטער זייגער־מאַכער דערזעהן וואָס פון דעם זייגער איז געוואָרען, האָט ער שוין פערלאַנגט דריי דאָלאַר מיט פופציג סענט.

— סטייטש, איהר האָט דאָך ערשט פערלאַנגט אַ דאָלאַר?

— פריהער איז נאָך דער זייגער געווען אַ גאַנצער און איצט איז ער אַ צובראָכענער! עס פעהלט אין איהם אַ רעדעל, אַ ספרינג־

פעדער, א ווייזעריל, עטליכע שרייפעלעך... א חוץ דעם דארף מען איהם אויסקלינען און אויסרעגולירען.

האט שוין די אידענע צוגעזאגט צוויי דאלאר.

דער זייגער־מאכער האט איהר ארויסגעטריבען.

איצט געהט ארום די אידענע און וויינט מיט ביטערע טרעה־רען אז די זייגער־מאכערס האבען איהר צו׳פטור׳ט א שפאגעל־נייעם זייגער...



# דער „ציטיזען“.



י איך בין א ציטיזען? אודאי א ציטיזען! א שעהן פנים וואלט איך געהאט, ווען איך זאל ניט זיין קיין ציטיזען!

צו וועלכע פארטיי איך בעלאנג? צו וועלכע איהר ווילט. אמאל צו די רעפובליקאנער, אמאל צו די דעמאקראטען.

צי איך קריג געלד פרעגט איהר? א שעהנע פראגע, כ'לעבען! וואס דען? כ'וועל אוועקגעבען מיין וואוט פאר נאטהינג?

אודאי קריג איך בעצאהלט!

דא, אנומעלט, האב איך מיט מיין חיה'ן אויסגערעכענט גענוי יעדען צענט און יעדען טולער, וואס איך האב שוין געהאט פון מיינע ציטיזען פייפערס.

אט איז דער חשבון:

פאר די ציטיזען־פייפערס האב איך בעצאהלט מיט א יאהר צוואנציג צוריק אזוי גרויס ווי א טולער מיט אכציג צענט.

פאר די דעמאקראטען האב איך געשטימט זיעבען מאל צו פינף טולער א יאהר; דאן האב איך געשטימט פאר די רעפובלי־קאנער עלף מאל, צו זעקס טולער א יאהר, דאן ווידער איין מאל פאר די דעמאקראטען פאר צעהן טולער.

מאכט דאס אויס צוזאמען אזוי גרויס און אזוי קליין ווי הונדערט מיט עלף טולער. דאן האב איך געשטימט איין מאל פאר די צאציאליסטען און דאצאל.

שנארערס! אויסגענארט ביי מיר א וואוט פאר נאטהינג!

אזעלכע שלעפערס! כאטש אליין שרייען זיי געוואלד, אז מען דארף דעם ארבייטער בעצאהלען פאר יעדער זאך, און גוט בעצאהלען; און אז עס קומט צום וואוטען, וויל דאס א פעני ניט געבען.

און דאס האלט זיך נאך פאר פארנעשריטענע, פאר ארביי־טער־פריינד!

און מיינט איהר אפשר, אז עס געפינען זיך ניט קיין מענשען, וואס וואוטען פאר די צאציאליסטען פאר נאטהינג? הלואי האב איך די טויזענדער! נאר ווי זאגט איהר: סקעבס! סקעבס פעהלען ברוך השם אין ערגעץ ניט אוים! וויסטע סקעבס, א פינ־סטער יאהר אויף זיי!

הקיצור, געזעהן, אז די צאציאליסטען בעצאהלען ניט, האב איך א שפיי געטהאן אויף זיי און געצעטעלט.

אז מען האט ניט קיין געלד, שלאפט מען אין דער פינסטער.

קומט איהר זיך צוגעהן און איהר ווילט מיר איינשמועסען לאנדאן.

נאר גאר ניט. איהר זאגט לאנדאן, זאל זיין לאנדאן, זאל זיין פאריז, פעטערבורג... א דאגה א גרויסע, וועמען אארט דאס? נאר בעצאהלט, פערלאנגט ניט אומזיסט!

ממה־נפשך: ווילסטו לויפען, לויף געזונטערהייט, נאר זיי ניט קיין ספארט איוף יענעמס קעשענעס; לויף ווי א מענש; אומזיסט איז דאך קיין קונץ ניט.

א לייטישער מענש בעצאהלט; און אויב דו ווילסט דוקא אומזיסט, טא בעט ביי דיינס גלייכען, ניט ביי מיר. איך, פער־שטעהט איהר מיך, בין א מענש מיט פרינציפען. ביי מיר איז א פרינציפ צו נעהמען עטליכע טולער פאר מיין וואוט.

האסטו געהערט אזוינס?! אז יענער וויל לויפען און עלעק־טעט ווערען, איז ער ניט קראנק צו בעצאהלען, ניט אזוי?

למאי אט דער פון טעמעגי האלל!

די גוטע יאהר זאלען מירביידע האבען, וויפיעל טולער זייערס א קאנדידאט קאסט אפ דאס לויפעניש!

אי עס איז ניט זיין געלד, עס איז ניט אויף זיין מיסט גע־וואקסען, טא וועמען אארט עס? אבי ער איז א דזשענטעלמען און בעצאהלט. ער זאגט: „לעבען און לאזען לעבען; איך מאך א פאר טולער, מאך אויך א פאר טולער!“

וואס? לאנדאן איז א פיינערער מאן ווי זיין געגנער? אדרבא זאל ער ארויסווייזען זיין פיינקייט און געבען מיט 2 טולער מעהר ווי יענער; יענער גיט א דרייערל, גיב דו א פינפערל; צייג אז דו ביזט אן אמת'ער ארבייטער פריינד!

אי, איך האב שוין גענומען ביי יענעם א טולער האנד־געלד, האב איך איהם אין דער ערד, דעם בודלער! ער'ט מיר דען שטעהן ביים האנד און זעהן פאר וועמען איך וואוט?

זאל נאר לאנדאן זיין אמענש מיט אן אפענער האנד, וועט ער זיכער עלעקטעט ווערען.

וואס זאגט איהר? זיין פארטיי גיט קיינעם קיין געלד ניט? איז דאך ניטא וואס צו ריידען... וואס־זשע לויפט ער, דער נאר?



# ר' וועלוועל, וועלוועל און ווילי.



ין גאליציען איז וועלוועל געווען א שוחט. דארט האט מען איהם גערופען ר' וועלוועל. איז ער גע־קומען אין אמעריקא און געווארען א קצב, האט מען איהם גערופען וועלוועל.

האט ער אויפגעגעבען דעם בוטשער שאפ און זיך געעפענט א בארבער שאפ. הייסט ער שוין ניט ר' וועלוועל, ניט וועלוועל, נור ווילי, ווילי דער בארבער.

בעגעגענט מיך א לאנדסמאן, מעשעל דער דאמען־שניידער. (מען רופט איהם דאמען־שניידער ניט דערפאר ווייל ער מאכט קליידער פאר דאמען, נור דערפאר ווייל ער האט שוין געהאט אין זיין לעבען עטליכע ווייבער, און פון יעדער ווייב בעזונדער פלעגט ער שניידען פאסען — דערפאר רופט מען איהם דער דאמען־שניי־דער).

האט מיך דער דאזיגער דאמען־שניידער בעגעגענט און דער־צעהלט, אז וועלוועל, דער געוועזענער שוחט און בוטשער, האלט איצט א בארבער־שאפ, און אלע לאנדסלייט שייווען זיך ביי איהם, ווייל ער האט זעהר א „גרינגע האנד“.

אויף מארגען פריה בין איך אוועק צו וועלוועלען נעהמען דעם ערשטען שייוו, איהם געבען א שאו.

אריינגעקומען, האב איך איהם, וועלוועלען הייסט דאס, געטרא־פען שארפען א בריטווע אויף א פרעס־אייזען.

— העלאו, א לאנדסמאן! — האט דער געוועזענער שוחט אויסגערופען און געפרובט די בריטווע אויפ'ן נאגעל פון גראבען פינגער — זעץ זיך אויפ'ן טשער.

זעץ איך זיך אוועק. געהט ער און רייבט מיר איין דאס פנים מיט זייף. אבער טאקע דאס גאנצע פנים: די נאז, די באקען, די אויגען, די אויערען, דעם שטערען און די האר, דער קאפ האט אויסגעזעהן ווי א קופע שנעע.

דאן האט ער שפיי געטהאן אין האנד, א כאפ געטהאן די בריטווע און א פיהר געטהאן איבער מיין פנים —

— אוי! — האב איך א געשריי געטהאן.

— ס' איז נאר ניט! האט וועלוועל בעמערקט — די בריטווע איז אביסעל שטומפיג און אביסעל אויסגעשטשערבעט... ליג נאר רוהיג; ווארף זיך נים. דיינע באקען זיינען נאך ניט איינגעטרייט צו מיין ארט שיידען...

— וועלוועל, — האב איך זיך גענומען בעטען ביי איהם ווי ביי א גזלן — לאז מיך אפ! די הארץ זאגט מיר, אז דו וועסט מיר אפשניידען דאס פנים. האב רחמנות, וועלוועל... שא!... דאכט זיך, אז עס רינט עפעס איבער מיין מארדע, גיב א קוק וואס דאס איז.

— דאס איז בלוט—בעמערקט וועלוועל גאנץ רוהיג — אבער דו רעדסט נאך אלץ, ווי איך הער, אויפ'ן היימישען שטייגער. איך זאג קיינמאל ניט „עס רינט", נאר עס גיסט זיך. מען קען אויך זאגען: עס כליאפעט. עס פלוכעט.

— אז עס פלוכט איז בעסער? — פרעג איך נערוועז.

— אויב אזוי — האט וועלוועל בעמערקט — וועל איך איבער־לאזען דערווייל די באק ביז דאס בלוט וועט פערטריקענט ווערען און זיך א נעהם מהאן צו דער צווייטער באק...

האב איך גענומען קרעכצען און זיך בעטען ביי איהם: וועל־וועל, נא דיר 20 סענט און לאז מיך אפ! איך האב מורא, אז איך וועל שוין פון דיר א לעבעדיגער ניט ארויס... לאז מיך פריי... איך האב א פרוי מיט קינדער... נעהם ניט צו פון זיי זייער שפיי־זער... האב רחמנות, וועלוועל!...

ער האט ווידער א פיהר געטהאן מיט דער בריטווע און איך האב זיך א מורא'דינען צאפעל געטהאן.

— דו צאפעלסט זיך אלע מאל אזוי ווען מען שייווט דיר?

— ניין, אבער...

— וואס אבער?

— מיר דאכט זיך, וועלוועל, אז איך פיהל ניט מעהר דאס לינקע אויער...

— הם־מ־ם־ם... האסט רעכט — זאגט וועלוועל — איך האב מאקע, ווי עס ווייזט אוים, פערטשעפעט דאס אויער... שא!... וואָרף זיך ניט אזוי! דאס צווייטע אויער קען זיך נאך אויך פער־משעפען. א שאד, נאך א גוט אויער... מען קען עס נאך יוזען. אוי! אט האב איך דיר שוין אבגעקאסעט א וואנצע אויך — די רעכטע וואנצע!

— אפגעקאסעט א וואנצע? — פרעג איך דערשראקען.

— יא, — זאגט ער — איך האב איהר בלויז א ריהר געטהאן מיט'ן רייזאר, בעהמט זי און פאלט ארונטער. א מאדנע וואנצע!

— ווייסטו וואס, וועלוועל — רוף איך אוים — לאמיר אפלייגען דאס שייווען זיך אויף אן אנדער טאג. און אויער האסטו מיר איינגעשניטען. א וואנצע אבגעקאסעט, דאס פנים צושניטען...

— אין אמעריקא זאגט מען צושניטען — בעמערקט וועלוועל געלאסען — דא זאגט מען צופאסעוועט, צוקאראדאשעוועט.

— וואס מאכט עס אוים — זאג איך — ווי מען זאגט, אבי איך געה ארויס פון דיר א קאליקע...

— דא, אין אמעריקא, זאגט מען א קריפעל — בעמערקט וועל־וועל — און צולאכט זיך, הא־הא־הא־הא! כי־כי־כי! אוי, אוי! דאס הייסט ביי דיר א קאליקע? דו האסט געדארפט אנקוקען נעכ־טען אבענד אימשע מאיר'ן, פייוויש קארנאס'עס איניקעל. אט ער איז ארוים פון דאנען א קאליקע! אבער דו? דו האסט נאך גוט אפגעשניטען!...

— — — — — — — — — — —

## סיטיזען-פייפערס.



געוועזענער חזן, הענאך, קומט אריין אין קאורט מיט זיינע צוויי עדות. ביים טהיר טהוט ער א פרעג דעם פאליסמאן: „מיסטער, געפינט זיך דא דער שאפ וואו מען מאכט ציטיזענס?“

— יעס, — רופט אוים דער גראבער פאליסמאן מיט א שמייכעל.

אט שטעהט שוין הענאך פאר'ן קלוירק און די פראגען און אנטווארטען הויבען זיך אן:

— ווי אלט זייט איהר?

— ניט לענגער זאלען מיינע שונאים קרענקען.

— דאך?

— שבת נחמו ווער איך צוויי און פערציג יאהר. איך בין געבוירען געווארען פאר דער ערשטער שרפה... אוי, הערט איהר, איז דאס געוועזען א פייער! פון רב'ס קלויז איז געבליבען א בארג אש... און —

דער קלוירק לאזט איהם ניט ריידען און שטעלט איהם א נייע פראגע:

— פון וואנען קומט איהר?

— פון יוראפ.

— פון וואס פאר א שטאדט?

— דאס איז אזוי א שטאדט, ווי איך בין א ראטשילד. סך הכל איז דאס א דארף, א דארף אויך ניט. עס איז גאר ניט.

— איז דאס אין רוסלאנד? — פרעגט דער קלוירק.

— וואס דען, אין אמעריקא?

— זאגט איהר זיך אפ פון רוסלאנד?

— וואס דען, איך זאג זיך ניט אפ? גענוג געמאכט פאנ־ראמען אויף מיר. פינף קישענס מיט צוויי פערענעס האבען זיי מיר צוריסען אויף שמיקער; אלע מיינע ספרים ארויסגעווארפען; גאנץ ש"ס האב איך געהאט, א ווילנער ש"ס.

— זייט איהר צופריעדען מיט דער אמעריקאנער רעגיערונג?

— איך וואלט געווען צופריעדען, ווען די לויפערס זאלען מיר ניט רייסען פאר'ן בארד און די רומס זאלען זיין אביסעל גראמער און ליכטיגער, און די וואנצען זאלען ניט אזוי באדערען און איך זאל האבען פרנסה.

— ווער רעגיערט אין אמעריקא?

— איך מיש זיך ניט אין די זאכען.

— דו מוזט דאס אבער וויסען!

— עט, איך דאנק גאט, אז מען טשעפעט מיך ניט. איברי־גענס, וואס דארפט איהר ביי מיר פרעגען אזעלכע זאכען?

— זייט איהר א פאליגאמיסט?

— א וואס?!

— איינער וואס גלויבט, אז מען מעג האבען מעהר ווי איין פרוי.

— נימא אזעלכע מענשען. דאס איז ניט מעהר ווי געבעבעט! אפילו איין פרוי קען מען אויך ניט מפרנס זיין. מיין נעבע, למשל, האט נאך זייט זי וואהנט מיט מיר, ניט געהאט קיין איין זאטען מאהלציים.

— וויפיעל קינדער האט איהר, מיסטער הענעך?

— שייך זאגען קינדער! מיט מיין ערשטע פרוי, עליה השלום, האב איך גאר ניט געהאט קיין קינדער. האב איך זי אב'גע'גט ווערליג דעם אידישען דין. האב איך חתונה געהאט מיט א צווייטער פרוי — עלקע האט זי געהייסען — האב איך מיט איהר, קען מען זאגען, אויך ניט געהאט קיין קינדער. האב איך זיך מיט איהר אויך

געגט. און קינדער האט זיך מיר געוואלט האבען ווי איינעם ווילט זיך לעבען. בין איך געגאנגען און גענומען א פרוי מיט פארטיגע קינדער.

— עפעס פיינע קינדער?

— זעהר פיינע. נור זיי האבען נעבעך ניט וואס צו קייען.

דער קלוירק שמייכעלט און הייסט זיך געבען פיער דאלאר.

— פאר וואס קומט אייך אזוי פיעל געלד?

— פאר די סיטיזען פייפערס — ענטפערט דער קלוירק.

— קעש?

— יעס.

— איך האב דאך געהערט זאגען, אז מען קריגט סיטיזען פייפערס צום אבצאהלען, א קוואדער א וואך.

— מיר גיבען ניט אויף אבצאהלען!

— פאר וואס קריגט מען שיפסקארטען אויף אבצאהלען, און לאטס, און פארניטשור, און פאנאגראפס?

— ביי אונז איז א קעש ביזנעס, נא טראסט! — זאגט דער קלוירק.

— א פיינע ביזנעס — בעמערקט הענעך — הלואי העלפט מיר גאט מיט אזא ביזנעס!

— ניט אהער די פיער דאלאר און מאכט א סוף!

— אפשר קענט איהר עפעס ארונטערלאזען פון פרייז?

— ניין!

— כאטש א דאלאר פאר מיין טראבעל.

— גאר ניט!

— מילא, פארפאלען — ענטפערט הענעך מיט א זיפץ — איהר האט מיך אריינגעכאפט ניט שלעכט. און ער נעהמט ארויס א זעקעלע און צעהלט אויס דעם קלוירק אין דער האנד אריין א דאלאר אין לויטער פענים. ער האט דאס געלד איבערגעצעהלט עטליכע מאל, ער זאל חלילה ניט איבערצאהלען.

אז דער קלוירק האט שוין געהאט אוועקגעלייגט דאס געלד אין טישעל, רופט זיך אפ הענעך:

— אוצט גיט מיר, זייט מוחל, א רעסיט אויף מיין געלד
— מיר גיבען ניט קיין רעסיטס!
— וואס הייסט איהר גיט ניט קיין רעסיטס? אויף וואס זעהענדיג זאל איך געטרויען אמעריקא פיער דאלאר?
— אבער מיר גיבען ניט קיין רעסיטס!
— א שאה, — האט הענעך אויסגערופען און צוגענומען די פייפערס...



# ר׳ מאָטיע.



אטיע האָט קיין עין הרע זיעבען קינדער: פיער מיידלאך און דריי אינגלאך. „מעטשט״ עס ניט; איז ער מתפלל צו גאָט, אז זיין ווייב עטעל זאָל האָבען נאָך אַ אינגעל, וועט זיין אַ גלייכער חשבון.

מענה'ט עטעל: סטייטש, מיר שטאַרבען דאָך אזוי אויך פון הונגער. זיעבען פּיסקלאך איז דיר ווינציג?

ענטפערט מאָטיע: ניט דיין עסק; ווייבער דאַרפען זיך אין אַזעלכע זאַכען ניט מישען!

וואָס איז ר׳ מאָטיע'ס מהועכץ? — פרעגט איהר.

זאָל איך אזוי וויסען פון אַ בייזע וועטשערע!

איך ווייס בלויז, אז אַלע מאָנטאַג און דאָנערשטאָג געהט ער אַרום ליידיג.

און ווען ער געהט ניט אַרום ליידיג — פערקויפט ער לימענעס און פערדיענט וואַסער אויף קאַשע.

ער וואָלט פערדיענט אַ סך מעהר — זאָגט ער — נאָר ער קען ניט.

פון דער היים איז ער אַ ישיבה בחור. פלעגט זיצען און לעהרנען און „עסען טעג״. האָט ער געמיינט, אז ער וועט אין אמע־ריקא אויך זיצען און לערנען און עסען טעג.

איז ער אַהער געקומען. האָט איהם זיין ברודער — אַ חזן — געזאָגט, אז אמעריקא איז ניט גאַליציען; דאַ דאַרף מען אַרבייטען; אויב מען אַרבייט ניט, האָט מען ניט. און אויב ער וויל דאַ אויך „עסען טעג״, מעג ער אויפעסען די הייסע זומער־טעג, וועט מען ווייניגער שוויצען.

מאטיע געזעהן, אז ער וועט שוין אין אמעריקא קיין גרויסע גליקען ניט מאכען, און וואו צו זיין האט ער ניט, און וואס צו עסען האט ער ניט, און קיין רעכטען בגד האט ער ניט, און קיין כח האט ער אויך ניט, איז ער געגאנגען און חתונה געהאט מיט אן ארימע לאנדס־מיידעל, א טאכטער, וואס מאכט איהם א מתנה אלע יאהר א שרייעריל... און אזוי ווי מאטיע גלויבט, אז יעדעס קינד, וואס קומט אויף דער וועלט, ברענגט מיט זיך ז י י ן אייגען מזל, אארט איהם ניט; זאלען זיך מעהרען אידישע קינ־דערלאך, זאל זיך מעהרען דאס אידישע מזל!...

איין מאל, בעת ר׳ מאטיע איז אהיים געקומען פון דאווגען (ער געהט יעדען טאג אין שוהל), האט איהם דער לענדלארד דער־לאנגט א פאפיער אין האנד. פרעגט ר׳ מאטיע: וואס איז דאס פאר א פאפיער? ענטפערט דער לענדלארד: דאס איז א „מוה־צעטעל“. פרעגט ר׳ מאטיע: וואס מיינט דאס? ענטפערט דער לענדלארד: דאס מיינט, אז איהר וועט דארפען אין א פאר טעג ארום פערלאזען די דירה. פרעגט ר׳ מאטיע: וואס מיינט ביי אייך פערלאזען די דירה? ענטפערט דער לענדלארד: דאס מיינט, אז מען דארף אייערע זאכען ארונטערטראגען אין גאס; זאגט ר׳ מאטיע: וואס אארט אייך, אז די זאכען שטעהען אין הויז? זיי בעטען ביי אייך עסען? זיי שטעהען שוין אזוי לאנג, זאלען זיי ווייטער שטעהן! מיר זיינען דאך עפעס אידען. זאגט דער לענד־לארד: אידען, שמידען! בעצאהלט מיר די „דראצען“ טולעד רענט וועל איך אייך ניט טשעפען.

ענטפערט ר׳ מאטיע: רענט, שמענט! ראשית, האב איך ניט; והשנית, וועט איהר אייער געלד ניט מיטנעהמען אין קבר. אייך וועט מען בעגראבען און דאס געלד וועט בלייבען — — — —

זאגט דער לענדלארד:

— א גוטען טאג, ר׳ מאטיע!

ענטפערט ר׳ מאטיע:

— א גוט יאהר!

געהט דער לענדלארד אוועק און ר׳ מאטיע בלייבט זיצען

מיט'ן „מוף־צעטעל“ אין האנד. דרעהט ער דאס פון אלע זייטען, ווייזט דאס זיין פרוי אוןביידע זיפצען.

לויפט ר' מאטיע'ס פרוי אוועק צו איהרען א פעטער, אפשר וועט זי כאפען ביי איהם א גמלת חסד. לאזט זיך אויס, אז ער — דער פעטער איהרער — טראגט זיך אויך ארום מיט א „מוף־צעטעל“.

געהט אוועק א טאג און צוויי, און ר' מאטיע קען ניט קריגען קיין געלד. בליבט: „אז מען זאל זיך פערלאזען אויף גאט“. זוי ער וועט פיהרען, אזוי וועט זיין.

ביינאכט, בעת ר' מאטיע האט איינגעשלאפען, האט זיך איהם גע'חלום'ט א שעהנער חלום: — ער איז געווארען א גרויסער גביר מיט אן אייגען הויז, מיט א סך צימערען. אין יעדער צימער בעזונדער געפינט זיך אן אלמער מיט ספרים, זילבערנע און גאלדענע כלים; בילדער פון גרויסע גאונים איינגעפאסט אין גאלדענע ראהמען. די ווענט פון די צימערען זיינען פון פערל־מוטער, די פאדלאגעס — מיט סאמעט בעשלאגען; די לאמפען ברענען נאך ליכטיגער ווי די זון; גרויסע טישען זיינען געגרייט מיט כל טוב. ארימע לייט זיצען און עסען און טרינקען און זינגען. כלי זמר שפיעלען... ער טהיילט צדקה... לאזט בויען א הקדש, א שטאדטישע קיך... האט אן ארימאן ניט וואו צו וואהנען, נעהמט ער איהם אריין אין זיין הויז... און דאס הויז איז גרוים גענוג אריינצונעהמען אלע ארימע לייט פון דער וועלט... זיין ווייב און קינדער זיינען בעהאנגען מיט בריליאנטען, טראגען זיידענע מלבושים דאס הויז שטעהט אין א גרינעם גארטען... אין גארטען זיצען רבנים מיט זילבערנע בערד און לעהרנען תורה. אויף יעדען בוים זיצט א מלאך מיט צונויפגעלייגטע פליגעל און הערט זיך איין ווי די רבנים לעהרנען... הערען זיי אויף צו לעהרנען, געהען זיי שפאצירען און די זון שיינט אויף זייערע שווארצע יארמולקעס...

און אט קומט אריין א איד מיט א געוויין; ער דארף חתונה מאכען א מאכטער און האט ניט מיט וואס. נעהמט ער — ר' מאטיע — ארויס טויזענד גילדען און גיט איהם, און זאל זיין אין א מזל'דיגער שעה. און אט קומט אריין אן עושר און דערלאנגט

ר׳ מאטיע׳ן פינף טויזענד גילדען. „נאט אייך, ר׳ מאטיע, אפּ דעם חוב״ — זאגט דער עושר: — ר׳ מאטיע נעהמט צו דאס געלד, צעהלט עס איבער... דאכט זיך איהם, אז סאיז דא אן איבעריגע פינפע־ ריל... נעהמט עס נאך אמאל צעהלען: „פיער טויזענד ניינציג אכט; פיער טויזענד ניינציג ניין... פינף טויזענד — — — —

דא האט איהם זיין פרוי געוועקט פון שלאף:

— מאטעל! שטעה אויף! מען איז אונז געקומען ארונ־ טערשטעלען אין נאס — וועה איז מיר!...



# „לייהט מיר אייערע קינדער".



אס ווייסט איהר, קינדערלעך, וואס איך האב זיך שוין אנגעליטען צרות פון שכנים!

איין שכן פלעגט קומען צו מיר, כמעט יעדער וואך, פרעגען עצות.

א צווייטער שכן פלעגט קומען אלע זונטאג צו מיר, איך זאל איהם שרייבען בריעף.

א דריטער שכן פלעגט מיך יעדען אבענד קומען נודיען מכח דעם יקרות. ער האט געהאלטען אין איין טענה'ן, אז דער יקרות ברענגט קיינעם קיין נוצען ניט, אז מען האט זיך געקענט גאנץ שעהן בעגעהן אהן איהם.

נאך מעהר: צוליעב דעם יקרות — פלעגט ער טענה'ן — זיינען די לעבענסמיטעל טהייערער געווארען.

וואס־זשע האב איך געטהאן? האב איך צוליעב די שכנים ארויסגעמופט אין אן אנדער עק שטאדט. אבי פטור ווערען פון זיי.

אבער „גאט שלאפט ניט..." ער האט מיך געבענשט מיט אנדערע — נאך ערגערע.

דער עיקר מיט א שכנ'טע. דוקא א שעהנע. נור א גרויסע יאכנע און א גרויסע חוצפה'ניצע.

זי, די דאזיגע שכנה, דערגעהט מיר גאר די יאהרען! ניטא די שעה, די האלבע שעה, זי זאל ניט קומען עפעס לייהען ביי מיין פרוי.

אכט א זייגער אין דער פריה קומט זי אריין, די האר צו־פלאשעט, די שיך ניט פערקנעפעלט:

— מיסעס, אפשר קענט איהר מיר אנטלייהען א גלאז ווארימע מילך פאר מיין מאן.

ניין א זייגער:

— מיסעס לעבען, זייט אזוי גוט און בארגט מיר אויס דריי־צעהן שטיקלעך צוקער. ס'וועט ביליגער ווערען וועל איך אייך אב־געבען צוריק.

צעהן א זייגער:

— מיסעס, מהום מיר א טובה און לייהט מיר אויס א שטיקעל זייף און א ציבעלע און א קאפעלע עסיג און א צייהן־בערשטעל.

האלב נאך צעהן:

— מיסעס, איהר וועט מיר ענטשולדיגען וואס איך באדער אייך אזוי פיעל, איך וויל אייך בעטען איהר זאלט מיר אנטלייהען א שטיקעל וויער־זאלץ און א שטיקעל לימענע. איך דארף דאס אריינגעבען אין די פלוימען. די פלוימען האבען גאר אן אנדער טעם ווען מען גיט אריין א שטיקעל וויער־זאלץ מיט לימענע.

עלף א זייגער:

— מיסעס לעבען, זייט אזוי פריינדליך און לייהט מיר דאס קופערנע פענדעל. איך וויל קאכען פיש אויף סאפער. מ'זאגט אז פון א קופערן פענדעל קומען די פיש ארויס געשמאקער.

אט אזוי ווי איהר הערט, איז דער טאג פאר איהר צו קורץ. און דערפאר האס איך זי ווי דעם טויט. איך שטעה אומישנע אויף יעדען טאג מיט דריי שעה פריהער, כדי איך זאל זי קענען לענגער האסען.

עס איז שוין איינמאל געקומען אזוי ווייט, אז זי איז אריינגע־קומען לייהען א קישען.

— נאך וואס טויג אייך א קישען? — האב איך זי געפרעגט מיט שוים אויף די ליפען.

— איך האב אריינגענומען א נייעם באָרדער, האב איך פאר איהם קיין קישען ניט

— למאי לייהט איהר שוין ניט ביי מיר א בעטעל אויך? דער באַרדער אייערער דאַרף האָבען א בעטעל! און וואָס הערט זיך מכח א קאָלדרע? איך האָב א קאָלדרע אויך. אַלץ האָב איך!

— איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך! איצט דאַרף איך מעהר ווי דאָס קישען ניט האָבען, אז איכ'ל דאַרפען דאָס בעטעל אָדער די קאָלדרע, וועל איך אריינקומען...

— פערגעסט ניט, איהר דאַרפט זיך דאָס פערצייכענען.

— ניט נויטיג; איך האָב א גוטען זכרון...

איין מאָל, אין א שרעקליך־קאַלטען ווינטער טאָג, א גאַסט! די שכנ'טע איז דאָ.

— וואָס איז?

— איך וויל אייך בעטען א טובה. איך האָף, איהר וועט מיר ניט אָבזאָגען.

— וואָס פאַר א טובה?

— איך וויל אייך בעטען, אז... אז... איהר זאָלט מיר אויס־לייהען אייערע קינדער...

— וואָס?

— אייערע קינדער...

— וואָס טויגען אייך מיינע קינדער? וואָס וועט איהר מאַ־כען מיט זיי?

— איין באָיטשיק וועל איך שיקען צום בוטשער; איינעם — אין גראָסערי; דעם דריטען וויל איך בעטען, ער זאָל מיר העל־פען אריבערטראָגען עטליכע זעקלעך קויהלען פון'ם איטאַליענער. אז זיי וועלען זיין פאַרטיג, זאָלען זיי מיר אבריינגען דעם שנעע פון סיידוואָק און מיר אנהאַקען א ביסעל האָלץ...

— פאַרוואָס שיקט איהר ניט אייערע קינדער?

— מיינע קינדער זיינען, ערשטענס, ניט געוועהנט צו אַר־בייטען; צווייטענס, איז אין דרויסען א פראָסט און א ווינד און זיי קענען זיך, חלילה, צוקיהלען. וועלען זיי הוסטען, וועל איך האָבען צו טהאָן מיט דאָקטוירים, מיט מעדיצינס, מיט קאָמפּאַר־

אויל. וועל איך ניט קענען שלאפען קיין נעכט. וואס טויג עס מיר ? וויל איך בעסער יוזען אייערע קינדער. אייערע קינדער זיינען געוועהנט צו ארבייטען. דער טייפעל וועט זיי ניט נעהמען... איך וועל זיי לאנג ניט ייזען... בלויז איבער די קעלטען — — — —
— — — — — — — — — — — —

ווי געפעלט איך אזא שבג'טע ?



## א ביזנעס-מאַן.



ען מיין שוועסטער'ס איינגעלע איז אלט געוועזן פינף יאהר, האט מען שוין גענומען טראַכטען און קלעהרען וועגען זיין צוקונפט. אי דער שוואָגער אי די שוועסטער האבען געוואלט עפּעס מאכען פון איהם.

נאר וואס, האבען זיי ביידע ניט געוואוסט. דער שוואגער האט געוואלט מאכען פון איהם כאטש א מישא עלמאַן. ער האט זיך איינגערעדט, אז זיין איזי איז א געבאָרענער מוזיקער. א סמן האט ער, אז ווען די קאץ מיאוקעט, מאכט ער נאך די קאץ „ריכטיג אויף א האר"...

א מוזיקאלישע נשמה!

די שוועסטער ווידער האט אנדערש ניט געוואלט, נאר מאַכען פון איהם א שרייבער. א שרייבער — האט זי גע'טענה'ט — איז א גליקליכער מענש! ער שרייבט אין די פּייפּערס און די גאנצע וועלט קען איהם. וואו ער געהט לויפט מען איהם נאך, און עס איז מאקע א גוטע פרנסה אויך. כמעט אלע שרייבערס זיינען גליקליכע מענשען!...

דער שוואגער מיינער האט די שרייבער אין גאנצען אוועקגעמאכט מיט'ן האנד. שרייבער זיינען ניט קיין געבילדעטע מענשען, האט ער געזאגט. און ער וויל, אז איזי זאל זיין א געבילדעטער. און דאס קען ער נאר זיין ווען ער וועט קענען שפּיעלען פיעדעל...

האט די שוועסטער מיינע גענומען לאכען פון'ם נארישען שוואגער, און דער נארישער שוואגער האט גענומען זידלען מיין קלוגע שוועסטער.

איז געבליבען. „מען זאל זיך פערלאזען אויף מענשען". מען זאל פרעגען ביי שכנים ביי לאנדסלייט, ביי אייגענע.

האט מען צוערשט געפרעגט ביי מיר. האב איך געזאגט: מאכט איהם פאר א מיליאנער, וועט איהר וויסען איינמאל־פאר־אלע־מאל, אז ער מאכט א לעבען. און וועגען בילדונג זאלט איהר קיין יסורים ניט האבען, אז מען האט געלד איז מען געבילדעט אויך...

דער פעטער עוזר האט געראטהען, מען זאל איהם מאכען פאר א רב. א רב, האט ער געזאגט, איז זעהר גוט. אמת, ער שטארבט פאר הונגער, דערפאר האט ער אבער א סך כבוד: אז ער געהט פארביי, שטעלט מען זיך אויף פאר איהם. צווייטענס קען א רב לעהרנען; דריטענס איז גלאט שעהן צו זיין א רב.

דער שכן פון צווייטען פלאר, א קאנדוקטאר, האט געזאגט: „מאכט איהם פאר א רב, פאר א שרייבער, פאר א מיליאנער, נאר ניט פאר א קאנדוקטאר; א קאנדוקטאר איז אין דר'ערד מיט די ביינער!"

די מוהמע עטעל האט איהם געהייסען מאכען פאר א באס. א באס, האט זי געזאגט, ארבייט ניט, דארף ניט זיין געבילדעט, און ער מאכט א פיין לעבען.

האט דער שוואגער געענטפערט: איידער ער זאל אויפוואקסען א באס, איז שוין פיעל גלייכער ער זאל גאר ניט אויפוואקסען! נאך דאס פעהלט מיר, האבען א באס אין דער משפחה.

מיין צווייטער שוואגער, וואס האלט זיך פאר אן עקטער, האט איהם געהייסען מאכען פאר א שוישפיעלער. אויב ניט, זאל ער שטודירען פאר א דאקטאר.

האט מען אנגעפרעגט ביי א צייטונג, האט דער רעדאקטאר געענטפערט סך הכל פיער ווערטער: „מ א כ ט א י ה ם פ א ר א מ ע נ ש ע ן!"...

א כחם א רעדאקטאר!

אונזערס א לאנדסמאן, א ציוניסט, האט איהם געהייסען לעהרנען העברעאיש און נאכהער איהם אוועקשיקען אין ארץ ישראל בעארבייטען די ערד...

דערווייל איז דער בחור'ל געוואַקסען, געוואָרען עלטער און אַרוים פון פּאַבליק סקוהל.

האָט מען איהם געפרעגט:

— איזי, ווילסטו געהן אין האַי־סקוהל?

— ניין.

— ווערסט שפּעטער געהן אין קאַלעדזש?

— איך דאַרף ניט.

— וואָס וועט ווערען פון דיר?

— ווערסט שוין זעהן...

— טאָמער ווילסטו עפּעס לערנען.

— טאָמער ווילסטו עפּעס לערנען, שטודירען, זאָג!

איך וועל זיין אַ בינעס־מאַן — האָט איזי געלאָזט הערען זיין שטים.

— וואָס פאַר אַ ביזנעס־מאַן?

— עני ביזנעס־מאַן!

— מע'דאַרף דאָך זיין פעהיג.

— נעווערמיינד.

— — — — — — — — — — — —

איזי איז געוואָרען עלטער. זיך פערליעבט אין אַ מיידעל מיט דריי טויזענד דאָלאַר, חתונה געהאַט און געעפענט אַ שוה־סטאָר. איז עס ניט געגאַנגען. האָט ער געמאַכט „קונקעל־מונקעל": גע־פּעלשט טשעקס, פערנומען פּרעמדע געלדער, האָט מען איהם אַרעס־טירט, איז געווען אַ טרייעל, האָט מען איהם געפונען שולדיג. האָט מען איהם פערשיקט אין סינג־סינג.

זיצט ער...

איצט טענה'ט דער פעטער עוזר, אַז זיין עצה איז געווען די בעסטע. ווען מען מאַכט איהם פאַר אַ רב, וואָלט ער אין סינג־סינג ניט געזעסען. ווייל זייט ער לעבט האָט נאָך ניט פּאַסירט, אַז אַ רב זאָל באַנקראַטירען...



# ליפּע'ס „פּעטענטס".



יך האב א לאנדסמאן, הייסט ער ליפּע. עס קען זיין, אז איהר האט אויך א לאנדסמאן ליפּע. נאר טאָמער הייסט אייער לאנדסמאן ניט ליפּע — נעהמט אייך ניט צום הארצען.

פאַראן, גאָט צו דאנקען, אנדערע יאָרג אויפ'ן קאָפּ. ווי זאָגט מיין פעטער בעריש: מען קען זיך גאנץ שעהן אויסלעבען די יאָהרען אהן אזעלכע לאנדסלייט. ווארים נאָך וואס טויג א לאנדסמאן, וואס לייהט און נעהמט געלד ביי יעדען איינעם און וויל ניט בעצאָהלען?

פון צאָהלען חובות, זאָגט ליפּע, איז נאָך קיינער ניט רייך געוואָרען.

צווישען זיינע בעלי חובות רעכענען זיך אויך אריין דער בוטשער, דער מילך מאן און דער לענדלאָרד.

רוקט זיך אן דער ערשטער און דער לענדלאָרד דאַרף קומען נאָך רענט, געהט ליפּע און קלעבט אן אין דרויסען אויפ'ן טהיר א געל צעטעל און שרייבט אויף מיט גרויסע אותיות:

„ד י פּ ט ע ר י ע".

און אזוי ווי דער לענדלאָרד קען ניט אונטערשיידען פון א ריכטיגען צעטעל ביז א געבלאָפטען צעטעל, האָט ער שוין מורא אריינצוקומען אין הויז. ער קען, חלילה, פערשלעפּען די שרעק־ליכע קראנקהייט אהיים און אוועקלעגען זיינע קינדער. א קליי־ניגקייט ד י פ ט ע ר י ע!...

טראָגט זיך דער לענדלאָרד שנעל אָפּ און — ליפּע איז דער־וויילע פּו'יי פון רענט.

איינמאל האט ליפע געהייסען זיין ווייבעל ליגען אין בעט. זי זאל ניט ארויסגעהן.

— וואס איז? — פרעגט איהם זיין ווייבעל.

— היינט דארפסטו ליגען אין קינדפעט — ענטפערט ליפע — היינט דארף קומען דער בוטשער...

בלייבט ליפע'ס ווייבעל ליגען אין בעט. געהט ליפע און הענגט ארום איהר בעט מיט ליילעכער, פינט אן „שיר המעלות'לעך“ און פארטיג.

קימט דער בוטשער און קלינגט אן; לאזט איהם ליפע אריין; מאהנט דער בוטשער זיין חוב, זאגט איהם ליפע מיט א קרעכץ: „ניטא“; פערקרימט זיך דער בוטשער... זאגט ליפע: צרות, מיין ווייב ליגט אין קינדפעט, — און ער פיהרט אריין דעם בוטשער אין בעד־רום און ווייזט איהם דאס פערהאנגענע בעט מיט'ן שיער המעלות'ל. גלויבט דער בוטשער און לאזט זיך ארויסגעהן. בע־גלייט איהם ליפע ביז צום טהיר און זיפצט: אלע ווײלע נייע צרות: לעצטען חודש, ד י פ ט ע ר י ע, און היינטיגען חודש א קינדפעט.

געהט דער בוטשער אוועק און ליפע איז פריי!

א וואך נאך דעם געבלאפטען קינדפעט האט ליפע געהערט, אז דער לענדלארד קלייבט זיך ווידער קומען נאך רענט. האט ליפע ווידער אויפגעקלעפט א צעטעל אויפ'ן טהיר. אבער דאס מאל האט ער שוין אנגעשריבען ניט דיפטעריע, נור „ש וו א ר־צ ע פ א ק ע ן“...

אז דער לענדלארד האט דערזעהן דאס צעטעל, האט ער גע־פרעגט ביי א שכן וואס דאס מיינט, האט איהם דער שכן אי־בערגעלעזען דאס צעטעל. האט ער זיך באלד אבגעטראגען. א קלייניגקייט, שווארצע פאקען!

אט אזוי האט ליפע געפיהרט זיינע „געשעפטען“; אט אזוי האט ער זיך ארויסגעדרעהט פון זיינע בעלי חובות, און דער עיקר פון'ם לענדלארד.

א סך מאל פלעגט ליפע צומישט ווערען...

איין מאָל איז דער בוטשער ווידער געקומען נאָכ׳ן חוב, האָט ער ווידער געטראָפען אַ פערהאַנגענע בעט מיט אַ שיר המעלות׳ל.

פרעגט דער בוטשער:

— וואָס איז דאָס?

ענטפערט ליפּע:

— מיין ווייב איז נעכטען געלעגען געוואָרען...

— סטייטש? — פרעגט דער בוטשער — אייער ווייב איז דאָך ערשט מיט דריי וואָכען צוריק געלעגען אין קינדפּעט, טאָ ווי קומט עס וואָס זי ליגט שוין ווידער? ווי איז דאָס מעגליך, צוויי קינדער אין דריי וואָכען צייט?

האָט ליפּע אַ שמייכעל געטהאָן און געענטפערט אַז דאָס איז גאָר ניט, עס פּאַסירען אַזעלכע זאַכען... איבערהויפּט ווען עס איז אַן עיבור יאָהר...

אַט אַזוי האָט זיך ליפּע אַלע מאָל אַרויסגעדרעהט פון זיינע בעלי חובות.



# די בעסטע אָפּערא.



ז אויסגעהאַרעוועטער שניידער, לעגט פאַר מיר אוועק אַזאַ מאָנאָלאָג:

פאַראַן פערשיעדענע פערגעניגענס אין אמעריקאַ: איינער פאָהרט אוועק אין די „בערג“, אַ צווייטער צום ים, אַ דריטער אויף אַ פאַרם און אַ פערטער קומט אָפּ זיין וואַקיישאַן ערגעץ אויף אַ בלעכערנעם דאַך...

למשל: מיינער אַ בעקאַנטער איד האָט דעם גרעסטען פערגעניגען צו קוקען ווי מען בויט אַ הויז. ער קען זיך אוועקשטעלען אויף שטונדען לאַנג קוקען ווי מען גראָבט ערד, ווי מען מישט וואַפנע, ווי מען שלאָגט טשוועקעס.

אַנדערע ווידער האָבען דעם גרעסטען פּלעזשור צו זיצען אויף דער וויליאַמסבורג בריק און כאַפּען אַ דרעמעל.

אַנדערע ווידער, וועלען אייך אוועקגעבען די בעסטע קאָנצערטען, מיט די פיינסטע אָפּעראַס פאַר אַ טערקישע באָד.

וואָס טויג אייך מעהר? אָט איז פאַראַן אַ איד אין ברום סטריט, וואָס זיין גרעסטער פּלעזשור איז צו זיצען אין העסטער פּארק און דערצעהלען „נסים“ פון „גוטע אידען“, און גיסען יענעם אין פּנים אריין.

איך, ווידער, אַז עס קומט אין די היצען, און איך קריג מיינע צוויי וואָכען וואַקיישאַן, פאָהר איך מיר ארויס צו מיין ברודער, דעם קברות־מאַן, וואָס וואוינט טאַקע אויפ'ן בית עולם, און דאָרטען קום איך אָפּ מיין וואַקיישאַן.

און גלויבט מיר יאָ, אָדער גלויבט מיר ניט — איך האָב מעהר פּלעזשור אויפ'ן „הייליגען אָרט“, ווי איהר אין קוני איילאַנד!

און געלד קאסט מיר ווינציגער, און דער אפעטיט איז שטארקער און דער שלאף געשמאקער.

ווער שמועסט די לופט? די לופט איז טעם גן־עדן! און שטיל איז דארט, און רוהיג איז דארט — טאקע א פלעזשור!

דאס איז אלץ גערעדט, ווען איך זיץ אין הויז ביי מיין ברודער. אבער קוים קום איך ארויס פון הויז, און איך נעהם א שפאציער צווישע די מצבות, דעמאלס איז פרעהליך: זעהט מען גראבע קברים. גרויסע, קליינע, נאך קלענערע; ס'איז דאך עפעס ניו־יארק...

א לעבעדיגע וועלט! אט גראבט מען אויס א קבר, אט איז שוין דא א לויה און אט איז שוין דער קבר פערשאטען.

זייט איהר אמאל געווען אין יוראפ, ווען מען באקט מצות? געדענקט איהר ווי מען שרייט איין „מיירע" ארויף און איינע אראפ? אט אזוי איז דא מיט די לויות: איין לויה פאהרט אפ און א צווייטע קומט אן. און יעדער לויה האט זיך איהר פרעהליכע זייט: מאנכע פון די אבלים זייגען אזוי קאמיש, אז מען קען שטארבען פאר געלעכטער. איינער שטעלט אן פיסקעס אויף צום וויינען, און ער קען נעבאך ניט. ער קוועטשט מיט די אויגען, מיט די ברעמען, ער וויל ארויסקוועטשען א טרעהר, און עס געהט ניט. ניטא קיין טרערען כאטש צוריים זיך!

א צווייטער, ווידער, האט גאר ניט אין זינען צו וויינען, זעהט ער ווי אנדערע וויינען. פאדקוועטשט איהם אויף ביים הארצען און ער צוכליפעט זיך ווי א בייבי!

**איך זאגט אייך, אז איך האב פון אזעלכע זאכען דעם גרעסטען פלעזשור!**



היינט זיינען פאראן ווייבער וואס האבען א טבע צו חלש'ען ביים קבר. און מען הערט ניט מעהר נאר: איציק אשר, וואו לאזטו מיך איבער? איציק אשר, זיי א מליץ יושר!

אט אזוי ווי איהר הערט, איז דעם גאנצען טאג.

נאר דעם שעהנסטען פלעזשור האט מען, ווען עס שטארבט עפעס א גרויסער מענש: א שרייבער, א לאדזשען פרעזידענט, אדער א רב. דאן הייבט זיך אן א קלייבעניש, און א זוכעניש פון קברים: דא פאסט ניט, און דארט איז צו נאס, און דעם זיינען די שכנים ניט קיין פאסענדע. מען קען דאך ניט אוועקלעגען א טויטען שרייבער לעבען א טויטען שוסטער... האט מען שוין אויסגעקליבען דעם קבר, הויבט זיך אן א מעשה מיט בלומען: די קאמיטע וויל בלומען און די פאמיליע וויל ניט קיין בלומען. דעם שרייבער'ס פרוי טענה'ט: „אויב מיין יאקעל האט ניט געהאט קיין בלומען ביים לעבען, וועט ער זיך נאכ'ן טויט אויך בעגעהן אהן בלומען"...

געפינט זיך א לץ, זאגט ער: „ווען דער שרייבער וואלט ביים לעבען געהאט גענוג ברויט, וואלט ער אפשר ניט געשטארבען".

און אט איז די לויה: א גרויסער עולם, אלע אויסגעפוצט ווי צו א חתונה. די „פני" — דעם שרייבער'ס חברים — קריכען ארום פון די אטאמאבילס, איינער עפעס א רעדאקטאר, אדער אזוי א גדול, מאכט דעם טויטען שרייבער א הספד; ער לויבט איהם אין טאג אריין. עס קומט אויס, אז יאקעל איז געווען דער גרעסטער שרייבער וואס אידען האבען פערמאגט, אז קיין גרעסערער איז ניט געווען און ס'וועט שוין ניט זיין.

די שרייבער וואס הערען זיך איין, שמייכלען אין זיך, קוקען אויפ'ן הספד־מאכער און טראכטען זיך: „נישקשה פו א בלאפער!"

און אט מאכט איינער א בעמערקונג שטילערהייט: „ווייס איך וואס! סך הכל האט ער אלע סוזשעטען גע'גנב'עט"...

און א צווייטער פאטאקעוועט: „איך ווייס אפילו פון וועלכע שרייבער ער האט גע'לאמכענט: פון איבסענ'ען, פון האופטמאנ'ען און אויך פון טאלסטאי'ן".

מישט זיך אריין א דריטער: „און די לעצטע צייט האָט ער שוין גענומען טהעמאס ביי מאקסים גארקי“.

הקיצור, עס איז פרעהליך!

נאר מיינט ניט, אז איך וויל דאָ חוזק מאכען פון די טויטע. נאוסער! איך האָב צו זיי חלילה גאָר ניט. איך וויל אייך בלויז בעווייזען ווי נאריש און ווי פאלש די לעבעדיגע זיינען...



# „ברודער ליעבע“.



י חברה „אהבת כסף“ בעשטעהט פון לויטער באַר
סעם. קיין ארבייטער נעהמט מען דאָרט ניט אריין.
ס'איז געגען זייער קאָנסטיטושאָן. סיידען ער ווערט
אַ באָס. טאָמער ווערט ער פון אַ באָס צוריק אַן
ארבייטער, וואַרפט מען איהם באַלד ארויס.

מיט עטליכע טעג צוריק האָב איך בעגעגענט אַ באָס פון אַ
לאַקשען פאבריק, אַ צו'נהרג'טען, אַ צו'מזיק'טען, קוים ער האָט
געזשיפּעט.

מהו איך איהם אַ פרעג:

— ר' מאיר, ווער האָט אייך אזוי צו'ממית'ט?

האָט ער קיין סך ניט געטראַכט און אָנגעהויבען:

„ווי איהר האָט אודאי געהערט, האָב איך מיט אַ פּאָר יאָהר
צוריק צוזאַמענגענומען אַלע אונזערע מושב'ער אידען, וואָס זיי־
נען דאָ אין אמעריקא און זיי אָרגאַניזירט. פּעראייניגט הייסט
דאָס איז אַ חברה מיט'ן נאָמען „אהבת כסף“.

„דער צוועק פון דער חברה איז געווען:

„ערשטענס — צאָהלען די ארבייטער וואָס קלענערע ווייר־
דזשעס, ארויסרייסען ביי זיי וואָס לענגערע שטונדען און אויספּיה־
רען, אז זיי זאָלען ביי דער ארבייט ניט ניסען, ניט הוסטען, ניט לאַ־
כען...

„צווייטענס — זאָלען מיר אָנהאַלטען אַ מקום קדוש, אַ שוהל,
און מרייען פערקויפען וואָס מעהר עליות, אָנשטעלען אַ גוטען
חזן אויף ראש השנה און יום כפור, און פערקויפען וואָס מעהר טי־
קעטס.

„אז די חברה האָט זיך געגרינדעט, האָט יעדער מעמבער גע־

טרייעט ווערען א בעאמטער. און אזוי ווי קיין סך מעמבערם זיינען ניט געווען, איז כמעט יעדער מעמבער געווארען א בעאמטער. איינער א העכערער, איינער א ניעדעריגער.

„איך אליין בין געווארען פרעזידענט.

„אז מיר האבען שוין געהאט אין קאסע צוויי הונדערט דאלאר, איז מיר איינגעפאלען אביסעל אויסצובעסערען די חברה, אריינברענגען מעהר ליכט און אויפקלעהרונג אין זייערע מוחות. זיי זאלען ניט זיין אזעלכע ווילדע אינדיאנער. עס זאל מיר ניט זיין קיין שאנדע מיט זיי צו בעלאנגען. האב איך די ערשטע זאך געמאכט א פארשלאג, אז מיר זאלען אנשטעלען א סטעדי חזן. און איך האב טאקע באלד פארגעשלאגען מיינעם א פעטער פון הארלעם, א פרעסער ביי הויזען.

„דער פארשלאג איז באלד אונטערשטיצט געווארען פון דעם ערשטען טראסטי.

„האט זיך באלד אויפגעהויבען א געפילדער, און עס איז געבליבען וועגען דעם צו האבען א דעבאטע.

„די דעבאטע איז געווען א הייסע, א פייערדיגע. פון די דעבאטע איז מען אריבער צו געוואלדען, צו זידלערייען צו שטעכווערטלאך און — צו קלעפ.

„אבער אויסגעפיהרט האב איך. מען האט אנגעשטעלט דעם חזן.

„מיר האט דאס זעהר הנאה געטהאן. ניט חלילה דערפאר, ווייל מיין פעטער איז א גוטער חזן. ער איז אפילו קיין שלעכטער חזן אויך ניט נאר דערפאר, ווייל ער איז מיינער א פעטער, א קראנקער, און ער האט א ווייב מיט קינדער.

„אז איך האב שוין געהאט דורכגעפיהרט דיעזע רעפארמע, האב איך אפגעווארט עטליכע וואכען און האב געמאכט א צווייטען פארשלאג: צו בייטען דעם נאמען פון דער חברה. אנשטאט וואס מיר רופען זיך „א ה ב ת כ ס ף" זאלען מיר זיך רופען „א ה ב ת א ח י ם". דאס הייסט: „ברודער ליעבע". איך האב זיי בעוויזען, אז אהבת כסף איז א אינדיאנישער נאמען, א [illegible]

טישער, א פינסטערער; אז מיר מוזען פראגרעסיהען, מיטגעהן מיט דער צייט, זיין מעהר פארטגעשריטען...

„האט זיך אנגעהויבען א מורא'דיגע סומאטאכע! די גאנ־צע מעמבערשיפ איז געווען דאגעגען. פון אלע זייטען האבען זיך גענומען הערען פראטעסטען און געוואלדען; פון יעדען ווינקעלע האט עס געדונערט:

— ארונטער מיט'ן פרעזידענט!

— דערלאנגט איהם אין פאטילניצע!

— האקט איהם אויס א צאהן!

— שלאגט איהם אונטער אן אויג!

— ברעכט איהם איבער א ריפ!

— טראגט איהם ארויס פון האלל! און נאך אזעלכע קולות.

„האב איך געמיינט, אז די מעמבערס וועלען אבקומען מיט די קולות און ס'וועט זיין געסטעלט. לאזט זיך אויס, אז יעדער איינער האט טאקע בייגעשטייערט זיין חלק, צוגעלעגט א האנד...

„ווען דער דזשעניטאר פון האלל וואלט ניט ארויפגעקומען און אויסגעלאשען די גאז, וואלטען זיי מיך זיכער דער'הרג'עט.

„דאס זיינען דען מענשען? רוצחים זיינען דאס! הינט־שלעגער!

„אבער עס מאכט ניט... איך האב נאך מיין פייט ניט אויפ־געגעבען. לאמיר נאר אנהויבען פיהלען א קאפ בעסער, איך זאל קענען שטארקער פאנאנדערנעהמען די הענד, קענט איהר זיכער זיין, אז איך וועל זיך ניט לאזען פיהרען פון דער דומער מאסע. די מאסע איז תמיד פאנאמיש; וויל נים וויסען פון פראגרעס, פון סאלידאריטעט, פון „ברודער־ליעבע".

„אבער, ווי געזאגט, דער נאמען מוז געענדערט ווערען. איך זאל אפילו וויסען אויסצו'הרג'ענען אלע מעמבערס, מ ו ז אונ־זער חברה הייסען „אהבת אחים"; „ברודער ליעבע", ווייל אויף ברודער ליעבע שטעהט די וועלט...

א סוף!

די פאָלגענדע ביכער זיינען יעצט אין דרוק:

## צוויי בענדער לידער פון י. אדלער

ערשטער באנד: **„מיין היים" ערנסטע לידער**

צווייטער באַנד: **הומאָריסטישע לידער**

די צוויי בענדער ווערען ארויסגעגעבען אין זעלבען פאָרמאַט, דרוק, פאפיער און געבונדען אזוי ווי די „פרעהליכע מינוטען".



ב. קאָוונער׳ס בעריהמטער העלד —

**משה קאפויר** דער פרעהליכער, אריגינעלער, אי־בעראל בעוואוסטער פאָלקס־העלד

וועט באלד ערשיינען אין בוך פאָרם. ער וועט ארויס אויף גאט׳ס וועלט א פרישער א נייער, ארומגעפיילט און ארומגעשליפען, מיט זיין ביאגראפיע.

**פרייז בלויז 35 סענט (בראשירט)**



ווער עס וויל זיין פון די ערשטע צו קריגען „משה קאפויר" אדער אדלער׳ס לידער, זיינען געבעטען אריינצושיקען זייערע אדרעסען און מיר וועלען זיי שריפטליך מעלדען דעם טאג ווען די ביכער וועלען ערשיינען.

שרייבט צום פערלאג „ליטעראטור" —

MAURICE M. HERSHENSON, Manager

Office: 346 East 173rd Street, New York, N. Y.

---

געזעצט ביי אינטערנעשאָנאל ליגאטייפ קאמפאזישאן קאָ., 125 קאנאל סט.